# „די בּיהן“

אַ ראָמאַן פון איטאַליענישען לעבען. פון א. וואָיניטש.

מיט אַ קורצער היסטאָרישער איבערזיכט
„דער קאַמפּף פון די איטאַליענער פאַר פרייהייט“.

איבערזעצט פֿן דניאל.

פערלאַג „די וועלט“
ווילנא — 1907.

А. Войничъ. ОВОДЪ.

# דער קאמפף פון די איטאליענער פאר פרייהייט.

## ערשטער קאפיטעל.

## די לאגע פון איטאליען ביז 1848 יאהר.

### איטאליענס צובראָכענקייט.

פון לאנגאנגיגע צייטען איז איטאליען געווען צוטיילט אויף בעזונדערע, זעלבסטשטענדיגע ראיאָנען. אין צפון זענען געווען לאמבארדיען און פיעמאָנט, אין מיטען — דער ראיאָן פון פויפסט, און אויף דרום — דאס נעאפאָליטאנישע קעניגרייך.

### איטאליען אונטער דער הערשאפט פון די עסטרייכער.

די היספאניער, פראנצויזען און עסטרייכער, אלס שכנישע פעלקער, האבען פון לאנג אן געדריקט און מנצח געווען איטאליען טיילענווייז. מעהר און ערגער פון אלעמען האבען די איטאליענער געליטען פון די עסטרייכער: די לעצטע האבען נאך אין אנפאנג פון 19-טען יאהרהונדערט איינגענומען לאמבארדיען און ווענעדיג און האבען דאָרט געוועלטיגט, ווי זיי האט זיך געלוסט.

### די לאגע פון לאמבארדיען.

דאס לעבען אין דיזע געגענדען, בעזונדערס אין לאמבארדיען, איז געווען זעהר שווער. א גאנצע רייהע קליינע פאָליציישע פערבאָטען פלעגען דאָרט מיאוס מאכען דאס לעבען יעדען איינוואָהנער; די עסטרייכער האבען געקוקט אויף די איטאליענער, ווי אויף שקלאפען און האבען זיי געפייניגט אָהן רחמנות. עס פלעגט זיך טרעפען, אז עסטרייכישע אָפיציערען פלעגען איינלאדען צו זיך אין קאזארמע יונגע מיידלעך פון פיינע פאמיליעס; טאָמער פלעגען זיי זיך ענטזאגען צו געהן, פלעגט מען זיי מיט געוואלד ברענגען אין פאָליציי און קערפערליך הארב בעשטראפען. אלע וויכטיגסטע שטעלען אין פערוואלטונגען, אין געריכט און אין פאָליציי זענען

געווען פערנומען פון עסטרײַכער. די אָרימקײַט און אונוויסענהײַט פון די איטאַליענער איז געווען ניט צו בעשרײַבען. די עסטרײַכישע רע־גירונג איז אָבער דערמיט געווען צופריעדען: וואָס אונוויסענדער דאָס פאָלק איז געווען, אַלץ לײַכטער האָט מען איבער איהם געקענט געוועלטיגען. די אָבצאָהלונגען זענען געווען אונגעהויער גרויסע: די נאַלאָגען אויף זאַלץ, אויף די ערד, אויף די וואָהנונגען האָבען אײַנ־גאַנצען רואינירט די איטאַליענער. פאַר יעדעס אונפּאָרזיכטיגעס וואָרט געגען דער רעגירונג פלעגט מען אַרײַנזעצען אין טורמע. לויט דעם געזעץ איז געווען פערבאָטען אָנצוטהאָן יסורים די אַרעסטירטע, אין דער אמת'ן אָבער פלעגט מען זיי גאַנץ אָפט מאַטערן מיט הונגער, מיט דורשט, מען פלעגט זיי שמײַסען און ניט לאָזען שלאָפען, א. ז. וו. פאַר דאָס מינדעסטע פלעגט מען פערשפּאַרען מענשען אין פעסטונג, וואו די שומרים פלעגען אויף אַלערליי אופנים פײַניגען זייערע קרבנות. אפילו אין די סאַמע ווײַטעסטע, פערוואָרפענע שטעדט־ליך האָט מען אײַנגעאָרדענט די אַזוי גערופענע „שוואַרצע קאַבינע־טען“ אויף אויפצועפענען, דורכלייענען און פערקלעבען די „פער־דעכטיגע“ בריעף. לאָמבאַרדיען האָט אויף אַזאַ אופן פאָרגע־שטעלט מיט זיך אַ שרעקליכען צענטר פון אונוויסענהײַט און ווילדקײַט.

## דער ראַיאָן פון פּויפּסט.

נאָך אַזאַ מין צענטר איז געווען דער ראַיאָן פון פּויפּסט. אַנשטאָט וועלטליכע הערשער האָבען דאָ דורכאויס בעל־הבית'עוועט מאָנאַכען, פּריסטער, יעזואיטען. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען צו־טיילט אויף 18 הלקים, אונטער דער פערוואַלטונג פון קאַרדינאַלען, גײַסטליכע, מאָנאַכען און יעזואיטען, וואָס דער פּויפּסט האָט אויס־געקליבען; זיי פלעגען שפּיאָנירען, פערנעהמען זיך מיט מסירות; קײַן רעכנונגען האָט מען ניט געפיהרט, מען האָט גע'גנב'עט און גענומען שוחד. קײַן אָרדנונג און קײַן אמת איז ניט געווען צו געפינען. אײַנ־פיהרען עפּעס אַ נײַעס האָבען די יעזואיטען געהאַלטען פאַר די גרע־סטע עבירה; אַפילו שטעלען פּאָקען און בעלויכטען די גאַסען איז ניט דערלאָזען געוואָרען, אַלס אַ ערפינדונג פון „רעוואָלוציאָנערען פראַנקרײַך“.

## די שווערע לאַגע פונ'ם נעאַפּאָליטאַנישען פאָלק.

דער דריטער מיטעלפונקט פון אונטערדריקונג איז געווען דאָס נעאַפּאָליטאַנישע קעניגרײַך. דאָרטען האָבען געוועלטיגט די גרויזאַמע און אונוויסענדע קעניגען פון די בורבאָנען. אויף אַלערליי אופנים

האָבען זיי פֿעריאָכט זייערע אונטערטהאַנען: זיי האָבען גענומען גרויסע אָבצאָהלונגען, פֿלעגען אויסגעבען דאָס פֿאָלקס-געלד אָהן אַ שום דין וחשבון, און פֿלעגען ניט ערלויבען צו רעדען און צו שרייבען דעם אֶמת וועגען די פֿערברעכענס און שוחד נעהמען פֿון דער אַדמיניסטראַציע. אָט די בורבאָנען פֿלעגען אָבטהאָן אַזעלכע רציחות, וואָס אַפֿילו אַנדערע גרויזאַמע קעניגען פֿלעגען זיך וואונדערן אויף זייערע מעשׂים.

## פּיעמאָנט.

אין אַזאַ לאַגע האָט זיך געפֿונען איטאַליען. נור דאָס קליינע קעניגרייך פּיעמאָנט האָט געלעבט אַביסל בעסער; דאָרטען האָבען געהערשט מעהר געבילדעטע קיסרים, אָבער אויך זיי פֿלעגען אָפֿטמאָל אונטערפֿאַלען אונטער דער ווירקונג פֿון עסטרייך.

## די קליינע געגענדען פֿון איטאַליען.

אַחוץ דיזע גרויסע מדינות, זענען געווען נאָך קליינע הערצאָגענטימער און פֿירסטענטימער: פּאַרמאַ, מאָדענאַ, טאָסקאַנע און אַנדערע. די אַלגעמיינע עסטרייכישע פּאַראָנדקעס האָבען אָבער געווירקט אויך אויף אָט די געגענדען, און דאָס לעבען איז דאָ אויך געהען געניג שווער און געמאַטערט.

## די קאַרבאָנאַריער.

בכלל האָט איטאַליען היפּשטזעכליך געליטען פֿון דריי זייטען: פֿון די עסטרייכער, פֿון די פּויפּסטען, און פֿון די נעאַפּאָליטאַנישע בורבאָנען. מיט דיזע כּחות איז אויסגעקומען צו קעמפּפֿען אַלעמען, ווער עס האָט נאָר געפֿיהלט אַ שטאַרקע ליעבע צו דעם פֿאָטערלאַנד. און אָט די מענשען, וועלכע האָבען זיך געוועלט איינשטעלען פֿאַר זייער לאַנד און בעפֿרייען זיך פֿון די פֿינסטערע כּחות, האָבען ניט געקענט אַרויסטרעטען אין אַן'אָפֿענעם קאַמפּף געגען זיי און האָבען דעריבער געמוזט גרינדען געהיימע געזעלשאַפֿטען. פֿון אַזעלכע געזעלשאַפֿטען האָט זיך בעזונדערס מערקווירדיג אויסגעצייכענט די געזעלשאַפֿט פֿון די קאַרבאָנאַריער אָדער קויהלענגרעבער, וועלכע איז ענטשטאַנען אין מיטעל- און דרום-איטאַליען נאָך ביים סוף פֿונ'ם 18 יאָהרהונדערט. אָנפֿאַנגס זענען געוואָרען קאַרבאָנאַריער נור באַנדיטען און פּשוט'ע אַרבייטער. זיי פֿלעגען זיך פֿערבאָרגען אין די בערג און פֿלעגען פֿון דאָרטען אָנפֿאַלען אויף די מענשען, וואָס זענען

פֿון זיי פֿערהאַסט געווען. שפּעטער האָבען אין די רייהען פֿון די קאַרבאָנאַריער אָנגעהויבען אַריינצוטרעטען סטודענטען, יוריסטען, דאָקטוירים א. ז. וו.

די קאַרבאָנאַריער האָבען זיך געשטעלט דעם צוועק צו פֿערטרייבען די עסטרייכער און פֿעראייניגען איטאַליען אין איין מלוכה, וואָס זאָל זיין פֿריי פֿון די עסטרייכישע און היימישע טיראַנען. די אָנפֿיהרער פֿון די קאַרבאָנאַריער האָבען געהאָפֿט צו פֿערדייגערן די געזעלשאַפֿט און איינפֿיהרען אין איהר אַ דונקעלען, אונבעשטימטען סאָציאַליזם. זייער לעהרע האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט טיילווייז פֿונ'ם קריסטענטום, טיילווייז פֿון די נייע השכלה-אידעען. נאָך זייער מיינונג איז קריסטוס געווען דער ערשטער קרבן פֿון די טיראַנען; זיין צלם איז געהאַנגען ביי זיי אין אַלע גרופּען. זייערע סטאַטוטען זענען געווען שטרענג און האַרב. די קאַרבאָנאַריער האָבען זיך געטיילט אויף גרופּען, ד. ה. בעזונדערע געהיימע געזעלשאַפֿטען מיט בעזונדערע אָנפֿיהרענדע קאָמיטעטען, מיט שבועות א. ז. וו. זייער גאַנצע טהעטיגקייט איז געווען פֿערשטעלט מיט סודות. שטרענגע געהאָרכזאַמקייט האָט מען געהאַלטען פֿאַר אונבעדינגט נויטיג. אַלס מיטגליעדער זענען אָנגענומען געוואָרען נור אַזעלכע מענשען, וואָס האָבען זיך ניט פֿערפֿלעקט מיט קיין שום פֿערברעכען. פֿעררעטער פֿלעגט מען פֿערורטיילען צום טויט. פֿון אָנפֿאַנגס האָבען די קאַרבאָנאַריער געהאַלטען אַנ'אָפֿענעם פֿאָלקס-אויפֿשטאַנד פֿאַר דעם וויכטיגסטען קאַמפֿפֿס-מיטעל.

## דער אויפֿשטאַנד פֿון די איטאַליענער אין יאָהר 1820.

אַ דאַנק דער ענערגישער טהעטיגקייט פֿון די קאַרבאָנאַריער האָט פֿאַר'ן לעבען פֿונ'ם גרויזאַמען קעניג פֿערדינאַנד דעם ערשטען, אין יאָהר 1820, אויסגעבראָכען אַ גרויסע בעוועגונג אין דרום-איטאַליען און נעאַפּאָל. דאָ האָט זיך שוין דער קאַרבאָנאַריזם לאַנג געמאַכט אַ נעסט צווישען די אַרמעאישע אָפֿיציערען. די קאַרבאָנאַריער האָבען אַרויסגעשטעלט אַלס אַ לאָזונג פֿרייהייט און אונאַבהענגיגקייט. איינינע פּאָלקען האָבען זיך מיט דיזע פֿאָדערונגען אַוועקגעלאָזען צו דער הויפּט-שטאָדט. די פֿאָלקס-מאַסען האָבען אין דיזער בעוועגונג קיין שום אַנטייל ניט גענומען. דער קעניג פֿערדינאַנד, אַ שלעכטער און אַ פּחדן, האָט זיך דער-

שראָקען און האָט גלײַך געגעבען זײַנע אונטערטהאַנען אַ קאָנסטי-טוציע [1].

דערבײַ האָט פערדינאַנד געגעבען אַ פײַערליכע שבועה: „אַלמעכטיגער גאָט, דו, וועלכער לייענסט מיט דײַנע אַלזעהענדע אויגען אין די נשמות און זעהסט פאָראויס די צוקונפט! אויב איך וועל וועןן ניט איז ברעכען די שבועה, אָדער אויב איך וועל לייגען, זאָל מיך טרעפען דער בליץ פון דײַן נקמה". אָט די שבועה און די געגעבענע רעכט האָבען אַרויסגערופען בײַם עולם אַ גרויסע שמחה. די קאַרבאָנאַריער האָבען געיובעלט. אין דער זעלבער צײַט האָט זיך אויך אָנגעהויבען אַ בעוועגונג אין פיעמאָנט. דאָרטען האָט מען אויך געגעבען דעם פאָלק אַ קאָנסטיטוציע.

אויף אַזאַ אופן האָט דער קאַרבאָנאַריזם בעשאַפען צווײ קאָנ-סטיטוציעס אין נעאַפּאָל און אין פיעמאָנט. אָבער די בײדע קאָנסטיטוציעס זענען דערשטיקט געוואָרען גלײַך ווי זיי האָבען דער-זעהען די וועלט. אַלע מעריב-אייראָפּעאישע מלוכות האָבען מורא געהאַט, די בעפרײַאונגס-בעוועגונג זאָל זיך ניט אַריבערכאַפּען צו זיי אין לאַנד. אַ בעזונדערען האַס צום איטאַליענישען אויפשטאַנד האָט אַרויסגעוויזען מעטטערניך [2].

ער האָט צונויפגערופען אַ קאָנגרעס [3] (צוערשט אין טראָפּאַו און דערנאָך אין לאַיבאַך) פון אַלע קיסרים מיט פערדינאַנ-דען צוזאַמען. דער לעצטער האָט פערגעסען זײַן שבועה און האָט גענומען בעווײַזען אַלע קיסרים, אַז עס איז נויטיג אָבצושטעלען די בעוועגונג אין איטאַליען, אַניט וועט זיך די אונגעהאָרכזאַמקײַט און רעוואָלוציע פאַנאַנדערשפרייטען איבער גאַנץ אייראָפּאַ.

## פערדינאַנד זיעגט.

די קיסרים האָבען אײַנגעשטימט מיט פערדינאַנדען און האָבען איהם ערלויבט צו נעהמען עסטרײַכער מיליטער אײַנצושטילען די נעאַפּאָליטאַנער. דאָס דאָזיגע מילי-טער האָט זיך אַרײַנגעריסען אין נעאַפּאָל, און מיט זײַן הילף

[1]) קאָנסטיטוציע הייסט די בעגרענצונג פון דער צאַרישער מאַכט דורך דער פאָלקס-פערטרעטונג.

[2]) מעטטערניך איז געווען אַן עסטרײַכישער מיניסטער, ער איז געווען אַן אַנהענגער פון דער אַלטער אָרדנונג, אַ גײַגנער פון פרײַהייט אין פאָלקס-רעכט.

[3]) קאָנגרעס איז א פערזאַמלונג פון פאָרשטעהער פון פערשידענע מלוכות.

האָט פֿערדינאַנד ווידער איינגעפֿיהרט דעם אַבסאָלוטיזם[4]; אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע עראָבערונגען זענען פֿערניכטעט געוואָרען און עס האָט זיך אָנגעהויבען די געוועהנליכע בורבאָנישע נקמה: הונדערטער ווייז זענען אַוועקגעשיקט געוואָרען אויף קאַטאָרגע פֿון די, וואָס האָבען זיך בעטהייליגט אין דער בעוועגונג. אין דער הויפּט־שטאָדט גופא, אין נעאַפּאָל אויפ'ן פּלאַץ, האָט מען געשמיסען, ביי אַ גרויסען עולם אויף די אויגען, הונדערטער אַרעסטירטע מענער און פֿרויען, געגען וועלכע מען האָט נור געהאַט אַ חשד, אָהן אַ שום בעווייז. די פֿאָלקס־מאַסען, — די פּויערים, די גייסטליכע און די שטאָדט־איינוואָהנער — האָבען מיט פֿערגניגען צוגעקוקט אויף די דאָזיגע ווילדע סצענעס.

די פּיעמאָנטער בעוועגונג האָט מען אויך אונטערדריקט מיט דער הילף פֿון אויסלענדישע חיל, און די קאָנסטיטוציע איז דאָרט פֿערניכטעט געוואָרען, איידער זי האָט נאָך דערלעבט צו ערשיינען אויף דער וועלט.

אויף אַזאַ אופֿן איז די בעוועגונג פֿון די 20־ער יאָהרען דערשטיקט געוואָרען אַ דאַנק דער פֿאָלקאָמער גלייכגילטיגקייט פֿון די גרויסע פֿאָלקס־מאַסען צו דער פֿרייהייט.

## די רעאַקציע אין איטאַליען
## פֿון די 20־ער ביז די 30־ער יאָהרען.

נאָכדעם איז פֿון די 20־ער ביז די 30־ער יאָהרען אָנגעשטאַנען די שווערסטע און אונערטרעגליכסטע צייט.

דער פֿינסטערער פֿאָרהאַנג פֿון דער רעאַקציע לאָזט זיך אַראָב איבער גאַנץ אייראָפּאַ, און אין איטאַליען — בעזונדערס שטאַרק. די שטרענגקייט פֿון דער עסטרייכישער צענזור ווערט נאָך שטאַרקער, יעדעס לעבעדיג וואָרט, יעדער לעבעדיגער געדאַנק צום שוץ פֿון געזעצליכקייט ווערט גרויזאַם פֿערפֿאָלגט פֿון דער רעגירונג. נור וואָס מעהר עס זענען געוואָרען די פֿערפֿאָלגונגען, אַלץ שטאַרקער זענען אָנגעוואַקסען די שטרעבונגען צו פֿרייהייט און אונאַבהענגיגקייט. די קאַרבאָנאַריער האָבען ניט אויפֿגעהערט צו פֿערשפּרייטען זייער לעהרע. ניט די פּאָליציי, ניט די שפּיאָנען, ניט די רוימישע אינקוויזיציע, ניט קאַטאָרגע און ניט די תליה — קיין זאַך איז ניט געוועזען אימשטאַנד צו דערשטיקען זייער טהעטיגקייט.

[4]) אַבסאָלוטיזם הייסט — זעלבסטהערשערע מאַכט, וואָס איז ניט בעגרענעצט פֿון פֿאָלק.

דאָס איטאַליעניִשע פֿאָלק האָט אָנגעהויבען אַלץ מעהר גע־
ערוואַכען און איז אַלץ מעהר דורכגעדרונגען געוואָרען מיט האַס
צו דער עקזיסטירענדער אָרדנונג. אויף אַזאַ אופֿן איז צוגעגרייט גע־
וואָרען א באָדען פֿאַר דער בעוועגונג.

## דיִ ווירקונג פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע.

אין אָט דער צייט איז אין פֿראַנקרייך אין 1830 יאָהר פֿאָר־
געקומען אַ רעוואָלוציע געגען דעם קעניג קאַרל דעם 10־טען. דאָס
האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף אייראָפּאַ און בעזונדערס אויף
איטאַליען. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ בעוועגונג אין דעם
פּויפּסט׳ס פּראָווינצען, אין פּאַרמאַ און אין מאָדענאַ. אָבער די
איטאַליעניִשע הערשער פֿון דיזע געגענדען האָבען זיך געווענדעט
צו דער הילף פֿון דעם עסטרייכישען חיל און די בעוועגונג פֿון די
30־ער יאָהרען איז אויך אַזוי דערשטיקט געוואָרען דורך דער רע־
גירונג און דעם מיליטער. די אָנפֿיהרער פֿון דעם אויפֿשטאַנד האָט
מען אויפֿגעהאַנגען, די איבריגע זענען פֿערמוטשעט געוואָרען דורך
הונגער אין די קאַזעמאַטען. אויף אַזאַ אופֿן האָט מיטעל־איטאַ־
ליען געהאַט די זעלבע מפּלה, ווי מיט צעהן יאָהר פֿריהער דרום־
און צפֿון־איטאַליען. מיט אַ בעזונדערער גרויזאַמקייט האָט זיך
אָבגערעכענט דער פּויפּסט אין זיינע פּראָווינצען. „דער הייליגער פֿאָ־
טער" האָט ניט געזשאַלעוועט קיין תליות און קיין טורמעס, כדי
אויסצוראָטען אַלע פֿערטיידיגער פֿון פֿרייהייט. אָבער די אַלע גרוי־
זאַמע מיטלען זענען ניט געווען אימשטאַנד אויפֿצוהאַלטען די ער־
וואַכונג פֿון פֿאָלק. ביי פֿיעלע אָנפֿיהרער פֿון דער בעוועגונג איז
יעצט געבאָרען געוואָרען דער געדאַנק צו בעשאַפֿען אַן אַלגעמיי־
נעם איטאַליעניִשען בונד, אַנשטאַט די פֿריהערדיגע אָבגעזונדערטע
קאַרבאָנאַרישע פֿעראיינען. דיזער געדאַנקען איז אויך אויסגעפֿיהרט
געוואָרען.

## די גרינדונג פֿונ׳ם „יונגען איטאַליען".

פֿון די 30־ער יאָהרען אָן איז דער לידער פֿון דעם יונגען
דור געווען איינער פֿון די מערקווירדיגסטע מענשען פֿון יענער צייט,
דזשוזעפּע מאַציני.

אין 1830 יאָהר איז מאַציני אַרעסטירט געוואָרען דערפֿאַר,
וואָס ער איז געווען אַ טאַלאַנטפֿאָלער יונגער מאַן, האָט ליעב גע־
האַט צו שפּאַצירען ביינאַכט, און פֿלעגט קיינעם ניט דערצעהלען
וועגען וואָס ער פֿאַנטאַזירט. ווי בעוואוסט, האָט די עסטרייכישע

רעגירונג ניט שטארק האלט געהאט טאלאנטפאלע יונגע לייט, וואס וועלכע מחשבות זענען איהר געווען אונבעקאנט. מאצציני האט מען ארייננעזעצט אין פעסטונג, וואו ער האט אויך אויסגעארבייט דעם פלאן פון ארגאניזירען א נייע געזעלשאפט — „דאס יונגע איטאליען". דיזע געזעלשאפט האט, ווי מיר האבען שוין געזאגט, געדארפט בילדען א נאציאנאלע פארטיי אין פערבינדען אלע אבגעזונדערטע קארבאנארי-פעראיינען, וועלכע זענען געווען פאנאנדערגעווארפען איבער'ן גאנצען לאנד און האבען ניט געהאט קיין פערבינדונגען איינע מיט דער אנדערער. אין „דעם יונגען איטאליען" האבען זיך בעדארפט בעטייליגען סיי קעמפפער, וואס האבען געוועקט אינ'ם פאלק א האס צו די טיראנען און האבען גערופען צו אנ'אויפשטאנד, סיי שרייבער, וועלכע פלעגען פערשפרייטען די נייע לעהרע צווישען די מאסען, און סיי רייכע מענשען, וועלכע האבען געאפפערט אויף דער פארטיי זייערע מיטלען, יעדער פלעגט געבען אלץ, וואס ער האט נור געקענט. „גאט און דאס פאלק" — אזעלכע ווערטער זענען געשטאנען אויף מאצציני'ס פאהן. דאס ציעל פון דעם „יונגען איטאליען" איז געווען צו פערטרייבען די טיראנען און צו פעראייניגען גאנץ איטאליען מיט איהרע פערשידענע געגענדען אין איין גאנצע אונאבהענגיגע מלוכה, וועלכע האט בעדארפט רעגירט ווערען דורך דאס פאלק אליין לויט די געזעצען פון עוואנגעליום. דער דעוויז פון דער געזעלשאפט איז געווען: גערעכטיגקייט, פרייהייט און גלייכהייט.

## די טהעטיגקייט פון דער געזעלשאפט.

די טוער פונ'ם „יונגען איטאליען" האבען הויפטזעכליך געהאלט אויפהויבען די פאלקס-מאססען, וועלכע האבען אליין געדארפט שטעהן בראש פון דעם גאנצען ענין. אומעטום זענען געגרינדעט געווארען קרייזלעך צו פערשפרייטען די נייע לעהרע, און א דאנק דעם צוגעגרייטען באדען, הויבט זי אן ארייננצודרינגען איבעראל. די נאך איבערגעבליבענע קארבאנארישע פעראיינען, ווערען שנעל פערשוואונדען און מיט דער זעלבער שנעלקייט וואקסט אויס די פארטיי „יונג-איטאליען"[5]. עס הויבען זיך אן בונטען און קאמפלאטען;

[5] מאצציני אליין איז געוועזען א געגנער פון די קארבאנאריער, ער האט פיינט געהאט זייער געהיימליכקייט, דאס בלינדע געהארכען די אנפיהרער, די טיראניי פון די פערבינדונגס נאטשאלניקעס. ער פלעגט זאגען, אז די קארבאנארישער האלטען נור אין איין אבלייקענען און אליין גיבען זיי גארנישט זיי

די רעגירונג דריקט אונטער געשיקט און גרויזאם דיזע אלע אויפשטאנדען, עס העלפען ניט אויף קיין טויטשטראפען און מארטירעריי. די בעוועגונג שטעלט זיך אבער ניט אב, נאר ווערט אלץ שטארקער אין פיעמאנט, אין טאסקאנע, אין דער פויפסטליכער פראווינץ און אין נעאפאל.

## די ליבעראלע ריכטונג.

אויסער די רעוואלוציאנערע ריכטונג האט זיך אין איטאליען אנגעהויבען מערקליך צו פערשטארקען א מעסיג־ליבעראלע בעוועגונג. דער פארשטעהער פון דער בעוועגונג איז צווישען אנדערע אויך געווארען דער פיעמאנטישער קעניג — קארל־אלבערט. דאס איז געוועזען א געשיקטער, ליסטיגער, און זעהר טעטיגער מאן. ער האט פערשטאנען דעם גייסט פון דער צייט און האט אנגעהויבען מקרב צו זיין די בעפרייאונגס־בעוועגונג. דאס ציעל פון די ליבעראלען איז געוועזען ארויסצוטרייבען די עסטרייכער און צו בעשאפען פון איטאליען אן איינציגע מאנארכיסטישע מלוכה, אין וועלכער דאס פאלק און זיינע פארשטעהער זאלען האבען איינינגע רעכט. די ליבעראלען האט זיך געוואלט אוועקשטעלען בראש פון איטאליען די פיעמאנטישע קעניגען. דעריבער איז עס געוועזען אין קארל־אלבערט'ס אינטערעסען צוצושטעהען צו די ליבעראלען. כדי צו קענען קעמפפען מיט ערפאלג געגען די עסטרייכער, האט מען געדארפט פערבעסערען די ארמעע און די פינאנסען. קארל־אלבערט האט זיך מיט התמדה גענומען צו דעם. די עסטרייכער זענען געווארען אונרוהיג בשעת זיי האבען זיך דערוואוסט, אז פיעמאנט בעוואפענט זיך. קארל האט אבער דערויף ניט געקוקט. ער פלעגט אליין אפט זאגען, אז ער האט קיין מורא ניט איינצורייסען מיט עסטרייך, ווייל, א דאנק דעם, וועט ער בעקומען איטאליען. די מעסיגע פאלקס־שיכטען האבען זיך אנגעהויבען צו בעציהען צו קארל־אלבערט'ן מיט בעגייסטערונג און פלעגען איהם אנרופען „דאס איטאליענישע שטערענדעל“, „איטאליענ'ס האפנונג“.

## מאציני'ס בעציהונג צו די ליבעראלען.

מאציני אליין און זיין גאנצע פארטיי איז געשטאנען פאר

רעמפפען געגען דער רעגירונג, אבער זיי טהיען גארנישט פאר דאס איטאליענישע פאלק; די קארבאנארישער ריפען צו פערניכטען די אלטע געבײדע, אבער זיי זענען ניט פעהיג אויפצובויען א נייע אויף איהר ארט.

אַ רעפּובליק. ער האָט מיט פֿערדרוס געקוקט אויף די מעסיג-ליבעראַלע קלאַסען-בעוועגונג, די ליבעראַלען פֿון זייער זייט האָבען אויך פֿיינט געהאַט דעם „בונטאָווששיק“, וועלכער וועט שיקען מענשען אויפֿ'ן עשאַפֿאָט. ביידע פּאַרטייען האָבען זיך אויף אַזאַ אופֿן פֿיינדליך בעצויגען צו איינאַנדער. איבריגענס זענען אי די ליבעראַלען אי מאַצִינִי'ס פּאַרטיי סוף כל סוף מרוצה געוואָרען אויף איין פּונקט: ביידע האָבען געהאַלטען פֿאַר נויטיג אַרויסצוטרייבען קודם-כל די עסטרייכער פֿון איטאַליען.

## די ערוואַכונג פֿון פֿאָלק.

אונטער דער ווירקונג פֿון דער טהעטיגקייט פֿון די ביידע פּאַרטייען האָבען זיך די ברייטע פֿאָלקס-מאַסען אָנגעהויבען דורכצודרינגען מיט דער שטרעבונג צו אונאָבהענגיגקייט און בעפֿרייאונג.

מען דאַרף בעמערקען, אַז דער טהעטיגקייט פֿונ'ם „יונגען איטאַליען“ האָבען געשטערט, אויסער די קעניגען, אויך די יעזואיטען און בכלל אַלע גייסטליכע. זיי האָט זיך זעהר גוט געלעבט אונטער דעם עסטרייכישען יאָך. אויך אונטער דער הערשאַפֿט פֿון די גרויזאַמע קעניגע איז זיי געוועזען ניט גאָר שלעכט. דעריבער האָבען זיי אומעטום געקעמפֿט געגען דער נייער לעהרע: זיי פֿלעגען שפּיאָנירען, מסר'ן, אַוועקשיקען אויף יענער וועלט די מעהר ווירקזאַמע און טאַלאַנטפֿאָלע מענשען. אַפֿילו זייערע אייגענע גייסטליכע פֿלעגען זיי זיך ניט שעמען צו פֿערסמ'ען און אומצובריינגען, אויב זיי פֿלעגען נור בעמערקען, אַז זייערע מיטברידער האַלטען פֿון דער נייער לעהרע. זייערע אינטריגעס זענען דאָך ניט געוועזען אימשטאַנד צו פֿערניכטען די בעוועגונג. אַלע האָבען פֿערשטאַנען, אַז פֿריהער אָדער שפּעטער וועלען די עסטרייכער אַרויסגעטריבען ווערען, און איטאַליען וועט ווערען אַ מלוכה, אַ פֿרייע פֿון טיראַנען. דאָס דאָזיגע נאַציאָנאַלע בעוואוסטזיין האָט שוין אַרומגעכאַפּט צו די 40-טער יאָהרען אַלע שיכטען פֿון דער בעפֿעלקערונג אין די גרויסע שטעדט — בעזונדערס אין צפֿון- און מיטעל-איטאַליען.

צוויי אומשטענדען, וועלכע זענען געשעהען שנעל איינער נאָך דעם אַנדערן, האָבען מאָדנע גיך אונטערגעיאָגט די געשעהענישען און דאָס פּאָליטישע בעוואוסטזיין פֿון די איטאַליענער — אין יוני 1846 יאָהר איז געוועהלט געוואָרען אַלס פּויפּסט (נאָך דעם טויט פֿון דעם גרויזאַמען גריגאָריוס דעם 15-טען) דער ליבעראַלער פּיוס דער 9-טער. ענדע פֿעברואַר 1848 יאָהר האָט אויסגעבראָכען

אִין פֿראַנקרײַך די רעוואָלוציִע, וואָס איז געווען אַ סיגנאַל צו דער רעוואָלוציִע אין איטאַליִען.

## צווייטער קאַפּיטעל.

### איטאַליִען פֿון דער צײַט אָן, ווען מען האָט אויסגעקליבען פּיוס דעם IX ביז זײַן פֿאָלשטענדיגער פֿעראײנינוּנג.

פּיוּס דער 9=טער איז געווען בעקאַנט מיט זײַן נייגונג צום ליבעראַליזם און צו דער פֿעראייניגונגס=אידעע. ווען ער איז אַרויף אויפ'ן פּויפּסטליכען טראָהן, האָט ער די ערשטע זאַך געמעלדעט אַמניסטיע: ער האָט בעפֿרײַט אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע און האָט ערלויבט זיך אומצוקעהרען אַהיים אַלע אַרויסגעוויזענע. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען דורכצופֿיהרען רעפֿאָרמען: ער האָט געעפֿענט געזעלשאַפֿטליכע לעזע=זאַלען, האָט שוואַכער געמאַכט די צענזור, און אויסגעבעסערט די פֿינאַנצען. דיזע רעפֿאָרמען, און איבערהויפּט די אַמניסטיע, האָבען אַרויסגערופֿען אַנ'אַלגעמײַנע פֿרייד. די איטאַליענער האָבען צום ערשטען מאָל דערזעהען אַזאַ געבילדעטען און הומאַנעם פּויפּסט און האָבען ניט געוואוסט, מיט וואָס אויסצודריקען זייער פֿרייד און צוטרויען צו איהם. בשעת ער פֿלעגט זיך בעווייזען אויפ'ן גאַס, פֿלעגען גרויסע פֿאָלקס=מאַסען בעגריסען מיט פֿרייד „גאָט'ס געזאַנדטען". בכן, האָבען די איטאַליענער איצט געהאַט בראש פֿון דער ליבעראַלער בעפֿרייאונגס=בעוועגונג ניט נור דעם פּיעמאָנטישען קעניג, קאַרל=אַלבערט, נור אויך דעם רוימישען פּויפּסט, וועלכער האָט געהאַט אַנ'אייגענע אַרמעע און רײַכע געלד=מיטלען. אין רוים האָט מען אָפֿען גערעדט וועגען פֿערטרײַבען די עסטרײַכער און פֿעראייניגען זיך אַרום פּויפּסט. אומזיסט האָבען פֿיעלע פֿון דער פּאַרטיי „יונג=איטאַליען" גע'עצה'ט זיך פֿאָרזיכטיגער צו בעציהען צום ליבעראַליזם פֿון פּויפּסט און פֿון קאַרל=אַלבערט — דער גרעסטער טייל איטאַליענער האָט אָבער ניט אַכטונג געגעבען אויף מאַציני'ס התראות. קאַרל=אַלבערט איז אין דער זעלבער צײַט אָפֿען צוגעשטאַנען צום ליבעראַלען פּויפּסט.

### קאַרל=אַלבערט.

זעהענדיג, אַז עס איז אָנגעקומען אַ גינסטיגער מאָמענט צו האַנדלען מיט מעהר ענטשידענהײַט האָט קאַרל=אַלבערט אָנ=

גֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּעצִיהֶען זִיךְ אוּנאָבּהֶענגִיגֶער בְּנוֹגע צוּ דִי עֶסטְרַייכֶער; דאָס פֿאָלק האָט אָנגֶעהוֹיבֶּען צוּ טראַכטֶען וועגֶען אַ מלחמה מִיט זַיינֶע זִיעגֶער; דאָס עֶסטְרַייכִישֶׁע מִילִיטֶער, וואָס האָט זִיךְ אַיינגֶעפֿוּנֶען אִין פֿערשִׁיעדענֶע עֶרטֶער אִין אִיטאַלִיֶען, האָט זִיךְ גֶעפֿיהרט זֶעהר עזות׳דִיג: גאַנץ אָפֿט פֿלֶעגֶען פֿאָרקוּמֶען צוּזאַמֶענשטוֹיסֶען צווִישֶׁען אִיטאַלִיֶענֶער אוּן עֶסטְרַייכִישֶׁע סאָלדאַטֶען. אַלֶע האָבֶּען זִיךְ גֶעגרֵייט צוּ אַנ׳אוֹיפֿשטאַנד.

## דִי בֶּעווֶעגוּנג אִין סִיצִילִיֶען אִין 1848 יאָהר.

אִין יאַנוּאַר 1848 יאָהר האָט אוֹיסגֶעבּראָכֶען אַנ׳אוֹיפֿשטאַנד אִין סִיצִילִיֶען, וואוּ עֶס אִיז גֶעוועֶן אַ שׁרֶעקלִיכֶער הוּנגֶער. דאָס אוּמגלִיקלִיכֶע סִיצִילִיֶען האָט זִיךְ דִי גאַנצֶע צַייט גֶעפֿוּנֶען אִין אַ בֶּעזוּנדֶערס־טרוֹיעֶרִיגֶע לאַגֶע: דִי נֶעאַפּאָלִיטאַנֶער האָבֶּען זִיךְ בֶּעצוֹיגֶען פֿיינדלִיךְ צוּ דִי סִיצִילִיאַנֶער, ווִי צוּ אַ פֿרֶעמדֶעס פֿאָלק. דִי בּוּרבּאָנֶען האָבֶּען זֵיי אוֹיךְ גֶעדרִיקט אוּן פֿלֶעגֶען לאָזֶען אוֹיף דֶעם אִינזֶעל נֶעאַפּאָלִיטאַנִישֶׁעס הִיל צוּ אוּנטֶערדרִיקֶען דִי סִיצִילִיאַנֶער.

דאָס סִיצִילִיאַנִישֶׁע פֿאָלק אִיז דֶערווַייל גֶעוואָרֶען מֶעהר בֶּעוואוּסטזִינִיג. עֶס האָט אָנגֶעהוֹיבֶּען אוּנטֶערצוּשֵׁיידֶען זַיינֶע פֿיינד אוּן פֿריינד. עֶס האָט פֿערשטאַנֶען, אַז זַיינֶע שׂוֹנאִים זֶענֶען דִי עֶסטְרַייכֶער אוּן דִי גרוֹיזאַמֶע קֶענִיגֶען, דִי בּוּרבּאָנֶען, וועלכֶע האָבֶּען זֵיי גֶעשׁטִיקט, שׁטִיצֶענדִיג זִיךְ אוֹיף דִי עֶסטְרַייכִישֶׁע מאַכט, האָבֶּען זֵיי פֿערפֿאָלגט אוּן אוֹיסגֶעקוועטשט דִי לֶעצטֶע זאַפֿט פֿוּן „זֵייעֶרֶע גֶעלִיעבּטֶע אוּנטֶערטהאַנֶען“. אוּנטֶער דֶער ווִירקוּנג פֿוּן דֶעם שׁווֶערֶען לֶעבֶּען האָבֶּען זִיךְ דִי סִיצִילִיאַנֶער אוֹיפֿגֶעהוֹיבֶּען אוּן גֶעפֿאָדֶערט פֿרייהַייט אוּן אַ בֶּעסֶער לֶעבֶּען.

## פֿערדִינאַנד׳ס נקמה אָן דִי אוֹיפֿגֶעשׁטאַנֶענֶע.

ווען עֶס האָט זִיךְ אָנגֶעהוֹיבֶּען דִי בֶּעווֶעגוּנג, זֶענֶען דִי קֶענִיגלִיכֶע סאָלדאַטֶען, וואָס האָבֶּען גֶעהִיט סִיצִילִיֶען, עֶנטלאָפֶּען. דֶער קֶענִיג פֿערדִינאַנד בּוּרבּאָן אִיז שׁטאַרק אוֹיפֿגֶעבּראַכט גֶעוואָרֶען אוֹיף דִי נִיט־גֶעהאָרכזאַמֶע סִיצִילִיאַנֶער אוּן האָט אוֹיסגֶעלאָזֶען זַיין כּעס צוּ דֶעם, ווער עֶס האָט זִיךְ אִיהם נאָר גֶעמאַכט אוּנטֶער דִי הֶענד; טֶעגלִיךְ זֶענֶען אָבּגֶעהאַלטֶען גֶעוואָרֶען קרִיעגס־גֶערִיכטֶען אוּן אוֹיסגֶעפֿיהרט גֶעוואָרֶען טוֹיט־שׁטראָפֶען.

## דער אויפשטאַנד וועט אַריבערגעוואָרפען פון סיציליען אין נעאַפּאָל.

פון דעם אינזעל איז אָבער די בעוועגונג אַריבער אין נעאַפּאָל. אפילו די קעניגליכע סאָלדאַטען נעבען פּאַלאַץ האָבען געשריען: „עס לעבע די רעפאָרמע" און האָבען זיך ענטזאָגט צו שיסען אין די אויפגעשטאַנענע סיציליאַנער. דאַמאָלס האָט פערדינאַנד בעשלאָסען צו געבען אַ קאָנסטיטוציע[6].

## דער אויפשטאַנד אין מילאַן אין מערץ 1848 יאָהר.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבען די פעברואַר-רעוואָלוציע אין פראַנקרייך, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט דעם, וואָס מען האָט פערטריבען דעם קעניג און פערניכטעט זיין טראָהן. דיזע ידיעה האָט געווירקט פונקט ווי מען וואָלט אַריינגעוואָרפען אַ פונק אין אַ סקלאַד פון פולווער. עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבען אַ בעוועגונג אין מילאַן אין דער הויפּט-שטאָדט פון לאָמבאַרדיען.

דאָרטען זענען געשטאַנען די עסטרייכישע סאָלדאַטען, אונטער דער אָנפיהרונג פון דעם אַרמעע-שעף ראַדעצקי. ראַדעצקי איז געווען אַ גרויזאַמער, גראָבער און מגושם'דיגער מאַן. די מילאַנער האָבען פיינט געהאַט זיינע סאָלדאַטען פאַר זייער בושעווען און ווילדעווען. די בירגער האָבען געפאָדערט מען זאָל פּאַנאַנדערלאָזען די פּאָליציי און האָבען, אויסערדעם, בעקומען דאָס רעכט צו בילדען אַ פאָלקס-מיליץ. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ בעוועגונג געגען ראַדעצקי'ן מיט זיין אַרמעע; די מילאַנער בירגער האָבען געוואָרפען אין'ם מיליטער שטיינער, ציגעל, און אָבגעגאָסען מיט קאָכעדיגעם וואַסער. אין איין נאַכט זענען אויסגעבויט געוואָרען פעסטע באַריקאַדען, די געוועהר-מאַגאַזינען זענען צוראַבירט געוואָרען. די גאַנצע שטאָדט האָט אַרומגעכאַפּט אַ מין קאַמפף-שכרות. די מאַסען האָבען זיך מוטיג געשלאָגען. ראַדעצקי האָט געוועסט אָנגעהויבען איינצושטילען די אויפגעשטאַנענע, אָבער זיין לאַגע איז געווען אַ שלעכטע: די מילאַנער האָבען זיך פון אָנהויב אַרויסגעוויזען שטאַרקער פון איהם. דאַמאָלס האָט ער זיך צוזאַמען מיט זיין מיליטער פערשלאָסען אין

[6] די פאָדערונג פון אַ קאָנסטיטוציע איז צו דערזעלביער צייט געווען שטאַרק אויך אין די אַנדערע געגענדען פון איטאליען. קאַרל-אַלבערט, מורא האָבענדיג פאַר אַ רעוואָלוציע, האָט דאַן אויך צוגעזאָגט זיינע אונטערטהאַנען אַ קאָנסטיטוציע. זיין ביישפּיעל האָט אויך געפאָלגט דער טאָסקאַנישע הערצאָג.

פֿעסטונג. די מילאַנער האָבען געהאַט װעניג פּולװער, אָבער װי האָבען עס פֿערפֿערטיגט מיט גרױס התמדה; אױך די גאַסען װענען געבױט געװאָרען באַריקאַדען, כּדי צו קעמפּפֿען אונטער זײער שוץ מיט דער עסטרײַכישער אַרמעע. די דאָזיגע באַריקאַדען װענען געמאַכט געװען פֿון שטײנער, אױסגעגראָבענע פֿון װעג, אױך װענען װי פֿערלעגט געװעװען מיט גאַר טײַערען און גאַר אָרימען מעבעל. אַלע האָבען זיך פֿלײַסיג געגרײַט צום קאַמפּף: די כעמיקער האָבען פֿערפֿערטיגט פּיראָקסילין, אַריסטאָקראַטישע דאַמען פֿלעגען זיך צוזאַמענקלײַבען אין גרױסע געבײַדעס און האָבען דאָרט געשמאָלצען בלײַ און געגאָסען קױלען. באַלד איז די מילאַנער אַרױפֿגעקומען אױפֿ'ן זינען צו מאַכען הילצערנע האַרמאַטען מיט אײַזערנע רײַפֿען, כּדי צו ענטפֿערן פֿון זײ די עסטרײַכער מיט זײערע אײגענע קױלען. נאָכדעם װי מען האָט געמאַכט די נױטיגסטע הכנות װענען די מילאַנער בעפֿאַלען ראַדעצקין. גאַנץ לאָמבאַרדיען האָט זיך געאײַלט צו העלפֿען דער הױפּט־שטאָדט.

## ראַדעצקיס אָבטרעטען.

אײַנזעהענדיג די געפֿעהרליכע לאַגע, האָט ראַדעצקי בעשלאָסען אָבצוטרעטען. אונטער אַ האָגעל פֿון קױלען איז ער אַרױס פֿון מילאַן. אונטערװעגס האָט ער אָבגעטהאָן גרױזאַמע געװאַלד־טהאַטען אין די דערפֿער איבער זײערע אײַנװאָהנער.

## קאַרל־אַלבערטס מפּלה.

זעהענדיג דעם ערפֿאָלג פֿון די מילאַנער, האָט קאַרל־אַלבערט בעשלאָסען צוצושטעהן צו זײ. ער האָט געמעלדעט עסטרײַך אַ מלחמה. דער פּױפּסט האָט איהם צוגעשיקט זײַן ברכה. פֿון אָנהױב האָט איהם געגליקט. אָבער אין דער ענטשײדענער מינוט האָט ער געהאַט אַ שרעקליכע מפּלה בײַ קוסטאַצע און נאָװאַרע. די איטאַליענער האָבען זיך געשלאָגען מיט אױסערגעװעהנליכען מוט, נור, אַ דאַנק די טעות'ן פֿון זײערע גענעראַלען, אױך דעם הונגער און די מחלוקת, װענען זײ צושלאָגען געװאָרען.

## קאַרל ענטזאַגט זיך פֿון טראָהן.

קאַרל־אַלבערט האָט געבעטען מאַכען שלום. ראַדעצקי האָט איהם פֿאָרגעלעגט זעהר בעלײדיגענדע תנאים. דאַן האָט קאַרל־אַלבערט בעשלאָסען, אַז עס איז איהם בעקװעמער אָבצוזאָגען זיך פֿון טראָהן, אײדער אײַנצוגעהן אױף אַזאַ שענדליכען שלום. ער

האָט זיך צוליעב דעם אין 1848 יאָהר פֿײַערליך ענטזאַגט פֿון טראָהן לטובת פֿון זײַן זוהן װיקטאָר־עמנואל. „פֿילײַכט װעט דער גענעראַל זײַן מעסיגער מיט מײַן זוהן“ האָט ער געזאָגט. װיקטאָר־עמנואל איז געװאָרען קעניג און קאַרל־אַלבערט איז פֿרײַ־װיליג אויסגעװיזען געװאָרען.

## די פֿאָלגען
## פֿון דעם ניט־אָבגעגליקטען אויפֿשטאַנד
## פֿון 48 יאָהר.

אויף איטאַליען האָט די מפלה פֿון 1848 יאָהר זיך שװער אָבגערופֿען. עס איז װידער אָנגעשטאַנען אַ פֿינסטערע רעאַקציע. דער ליבעראַלער פּויפּסט האָט אָנגעהויבען חרטה צו קריגען אויף זײַנע פֿריהערדיגע מײנונגען און אויף דעם, װאָס ער האָט געשיקט מיליטער געגען די עסטרײַכער; כדי צו טהאָן זײ אַ געפֿאַלען, האָט ער אײַנגעפֿיהרט שטרענגע גזרות אין זײַנע פּראָװינצען: ער האָט אָנגעהויבען צו דריקען די פּרעסע און צו פֿערפֿאָלגען די מענשען, װעלכע זענען געשטאַנען פֿאַר די נײַע מעהר גערעכטע אָרדנונגען און האָבען געשטרעבט צום גליק און צו פֿרײַהײַט פֿונ'ם איטאַליעני־שען פֿאָלק. די ליסטיגע יעזואיטען האָבען אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ און האָבען זיך געסטאַרעט צו פֿערטיליגען זײערע געגנער מיט דער הילף פֿון גיפֿט און מעסערס.

אויף אַזאַ אופֿן איז פֿון אַלץ אַ תל געװאָרען; די נעאַפּאָלער קאָנסטיטוציע האָט מען מיט געהאַלד אָבגערופֿען, און צום ענדע פֿון 48־טען יאָהר איז איטאַליען געװען צוברעקעלט און פֿערשקלאַפּט, פּונקט װי פֿריהער. אַלע אַנטײלנעהמער פֿון דער בעװעגונג זענען שטרענג בעשטראָפֿט געװאָרען. עס איז, איבריגענס, געבליבען אַ נו־צען פֿון דער בעװעגונג: 1) האָבען די ליבעראַלען בעשײַנפּערליך געזעהען, אַז דער ליבעראַליזם פֿון פּיוס דעם IX איז געװען נור לפנים װעגען און ניט אויפֿריכטיג. אַלעמען איז קלאָר געװאָרען, אַז דער טראָהן פֿון הײליגען פּעטער װעט ניט שטעהן פֿאַר די פֿער־אײניגונג און בעפֿרײַאונג פֿון איטאַליען, 2) פּיעמאָנט, װאָס האָט אַזוי הײס געקעמפּפֿט געגען די עסטרײַכער האָט ערװאָרבען די ליעבע פֿון די איטאַליענער; אויף איהם האָבען איצט פֿיעלע אַרויפֿ־געלעגט אַלע זײערע האָפֿנונגען. פּיעמאָנט האָט ריכטיג פֿערשטאַ־נען זײַן לאַגע, און זײַנע קעניגען זענען געבליבען טרײַ דעם ליבע־ראַליזם. אין זײער קעניגרײַך איז געבליבען גאַנץ די קאָנסטיטוציע, די דרײַפֿאַרביגע איטאַליעניש'ע פֿאָהן און די פּרעס־פֿרײַהײַט; פֿיעלע אַנ־

טײלנעהמער פֿון דער בעװעגונג פֿון 48־טען יאָהר האָבּען זיך גע־ראַטעװעט אין פּיעמאָנט פֿון די פֿערפֿאָלגונגען פֿון פּױפּסט און די בּורבּאָנען. אַ דאַנק דעם האָט זיך דער גוטער שם פֿון פּיעמאָנט נאָך מעהר פֿערשטאַרקט און פֿיעלע האָבּען געטראַכט װעגען דעם, װי צו פֿעראײניגען זיך אַרום פּיעמאָנט כּדי אויף אַזאַ אופֿן צו ערװערבּען פֿרײהײט פֿאַר דאָס גאַנצע איטאַליענישע פֿאָלק.

## דער קעניג װיקטאָר־עמנואל.

דער סאַרדינישער קעניג װיקטאָר־עמנואל איז אַרויף אויפ'ן טראָהן אין דער שװערסטער צײט, און איז געשטאָרבּען אַלס קעניג ניט נאָר פֿון פּיעמאָנט, נאָר פֿון דער פֿעראײניגטער און מעכטיגער מלוכה – איטאַליען. פֿיעלע היסטאָרישע בּעדינגונגען האָבּען איהם געהאָלפֿען, ער אַלײן האָט אָבּער אויך ניט װעניג גע־טהאָן, צו בּענוצען זיך מיט אַלע מעגליכקײטען װעלכע עס קענען נאָר געבּען די אומשטענדען.

## קאַװאור'ס כאַראַקטעריסטיק.

קאַװאור איז געװען פֿיערציג יאָהר אַלט, װען ער איז גע־װאָרען װיקטאָר־עמנואל'ס העלפֿער. ער איז געװען אַ געבּיל־דעטער מאַן, מיט פֿיעלע גוטע אײגענשאַפֿטען, אַלס קריעגס־מאַן, אַלס שרײבּער און אַלס קינסטלער. ער איז געװען אַ הסיד פֿון בּאַל־דיגע און ענטשידענע רעפֿאָרמען, װעלכע האָבּען געדאַרפֿט דורכ־געפֿיהרט װערען מיט דעם אַנטײלנעהמען פֿון פֿאָלק.

## קאַװאור'ס טהעטיגקײט.

ער האָט פֿערשטאַנען, אַז כּדי צו האָבּען אַנ'ערפֿאָלג אין דעם בּעפֿאָרשטעהענדען קאַמפּף דאַרף מען אויסבּעסערען די פֿינאַנצען פֿון דער מלוכה און איהר קריעגס־פֿעהיגקײט. מיט קלוגע מיטלען האָט ער גיך אויפֿגעהויבּען דעם װאָהלשטאַנד פֿון דעם לאַנד; כּדי רײכער צו מאַכען די קאַזנאַ האָט ער צוגעמאַכט פֿיעל מאָנאַסטירען, און האָט צוגענומען זײערע רײכטימער פֿאַר דער מלוכה. ער האָט אויך נישט אַרויסגעלאָזען פֿון אויג די מיליטערישע קראַפֿט. געשװינד האָט ער פֿערבּעסערט די אַרמעע און האָט אָנגעהויבּען צו טראַכטען װע־גען אַ מלחמה מיט עסטרײך, װעלכע האָט נאָך אַלץ געהאַלטען אין די הענד לאָמבּאַרדיען, װענעדיג און אַנדערע געגענדען. כּדי צו געװינען די ליעבּע פֿון די איטאַליענער, װעלכע זענען געװען געדריקט פֿון פּױפּסט, פֿון די בּורבּאָנען און פֿון די עסטרײכער,

האָט פּיעמאָנט שטרענג אָבגעהיט די קאָנסטיטוציע: אין אַלע װיכטיגע ענינים האָט דער קעניג זיך מישבֿ געװען מיט זײַנע אונטערטהאַנען, ער האָט ניט געדריקט די פּרעסע א. ז. װ.

קאַװאור האָט זיך אױך בעמיהט צו נושא חן זײַן בײַ די אױסלענדישע קיסרים, כדי צו געפינען שטיצע בײַ זײ. ער איז אַרײַן אין בעציהונגען מיט דעם מעכטיגען ענגלאַנד און מיט דעם פראַנצױזישען קעניג נאַפּאָלעאָן, װעלכער האָט געהאַט אַ גוטע אַרמעע[7].

## נאַפּאָלעאָן דעם III-ענס הילף.

דער פראַנצױזישער קעניג נאַפּאָלעאָן דער III האָט בעזונדערס געשטיצט די איטאַליענער. אין די יונגע יאָהרען איז נאַפּאָלעאָן געװען אַ מיטגליעד פון די קאַרבאָנאַריער, און האָט אױך געטראַכט װעגען בעפרײַען און פעראײניגען איטאַליען. אמת, אַז נאָכדעם, װי ער איז געװאָרען פראַנצױזישער אימפּעראַטאָר, האָט ער אָנגעהױבען צו פערגעסען אָן זײַנע שטרעבונגען פון דער יוגענד, אָבער אין דערזעלבער צײַט האָט אױף איהם געמאַכט אַן אַטענטאַט דער גראַף אָרסיני: ס'איז געװאָרפען געװאָרען אַ באָמבע אונטער נאַפּאָלעאָנ'ס קאַרעטע. דיזע באָמבע האָט איהר ציעל ניט דערגרייכט. אָרסיני'ן האָט מען געכאַפּט און פער'משפט צום טױט. פאַר'ן אױספיהרען דעם פּסק-דין האָט אָרסיני אױפגעשריבען נאַפּאָלעאָנ'ען אַ װאַרעמען בריעף, אין װעלכען ער האָט איהם געעבעטען מיטצוהעלפען איטאַליענ'ס פעראײניגונג. דיזער אַטענטאַט און דער בריעף האָבען גאָר אונערװאַרטעט געמאַכט אַ גוטע װירקונג אױף נאַפּאָלעאָנ'ען. ער איז אָפען אַרױסגעטראָטען פאַר איטאַליען געגען עסטרײַך. אײנמאָל בײַ דער אױפנעהמונג פון דעם עסטרײַכישען געזאַנדטען האָט ער איהם געזאָגט: „איך בעדױער, װאָס די בעציהונגען פון אונזערע רעגירונגען זענען ניט אַזױ גוט װי פריהער". נאָכדעם האָבען אַלע פערשטאַנען, אַז פראַנקרײַך איז אַװעק געגען עסטרײַך.

[7]) אין דער צײַט האָט זיך גראָד אָנגעהױבען דער קריעג אין קרים, װען גאַנץ אײראָפּאַ, האָט, װי בעװאוסט, געהאַלטען מלחמה מיט רוסלאַנד. כדי זיך אײנצוקױפען בײַ די מערב-אײראָפּעאישע מלוכות האָט קאַװאור אױך געשיקט אַן'אַרמעע פון 15 טױזענד מאַן אין סעװאַסטאָפּאָל געגען רוסלאַנד צו הילף פון די פראַנצױזען און די ענגלענדער. ער האָט געװאוסט, אַז דורך דעם װעט ער ערװערבען די דאַנקבאַרקײַט און די ליעבע פון די מעכטיגע און שטאַרקע מלוכות.

## די מלחמה מיט עסטרייך אין 1859 יאָהר.

פיעמאָנט האָט דערוויל ניט געשלאָפען און האָט זיך מו־
טיג בעוואַפענט. עסטרייך האָט זיך אָנגעהויבען צו בעאונרוהיגען
און האָט אָבגעגעבען פיעמאָנט א בעפעהל אָבצוגעבען די וואַ־
פען אין דריי טעג צייט — דאָס איז שוין געווען א דירעקטער אַרויס־
רוף צו א מלחמה. און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ הייסע, גרויזאַמע
און אונ׳ברחמנות׳דיגע מלחמה.

די איטאַליענער צו הילף האָט נאַפּאָלעאָן געשיקט צוויי
אַרמעען. דיזע אַרמעען צוזאַמען מיט די איטאַליענער האָבען אָבגע־
האַלטען צוויי גלענצענדע נצחונות ביי מאַדזשענט און סאָלפע־
רינאָ. נאָך דיזע גלענצענדע ערפאָלגען האָבען די איטאַליענער מיט
פרייד בעגעגענט די זיעגער: מען האָט זיי בעשאָטען מיט בלומען
און קרענץ און געקלונגען אומעטום אין די גלאָקען.

## דער שלום מיט די עסטרייכער
## און דאָס אָבנעהמען לאָמבאַרדיען אין 1859

די איטאַליענער האָבען זיך ווייטער געריסען צו נצחונות, נאָר
נאַפּאָלעאָן האָט מיט אַמאָל געמאַכט שלום מיט די עסטרייכער
(אין וויללאַפראַנק) און לויט די תנאים פון דעם שלום האָט
דער עסטרייכישער קעניג אָבגעטראָטען לאָמבאַרדיען נאַפּאָ־
לעאָנ׳ען, וועלכער האָט אָבגעגעבען דיזע געגענד פיעמאָנט. דאָס
איז פאָרגעקומען אין 1859 יאָהר.

## די פעראייניגונג פון טאָסקאַנע, פאַרמאַ און מאָדענאַ.

דער ערשטער טריט איז אויף אַזאַ אופן געמאַכט געוואָרען.
גלייך נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבען אַ פאָלקס־בעוועגונג אין טאָס־
קאַנע, פאַרמאַ און מאָדענאַ, און אין יאַנואַר 1860 האָבען
זיי זיך אויך בעהעפט צו פיעמאָנט.

אין דעמזעלבען 1860 יאָהר איז צוזאַמענגערופען געוואָרען דער
ערשטער איטאַליענישער פּאַרלאַמענט און וויקטאָר־
עמנואל איז מיט אַ שטימען־מעהרהייט ערקלערט געוואָרען פאַר׳ן
איטאַליענישען קעניג.

## די לאַגע אין נעאַפּאָליטאַנישען קעניגרייך.

איצט איז נאָך געבליבען צו פעראייניגען ווענעדיג, רוים
און נעאַפּאָל. אין נעאַפּאָל און אין סיציליען האָט מען
שוין געשטרעבט אַראָבצוואַרפען די בורבאָנען.

דער לעצטער בורבאָן, פראַנציסק II, איז געווען אַ בעזונ־

דעָרם גרויזאַמער און שלעָכטער מענש, ער האָט פעָרפאָלגט די פרעַ-סע, מיט דעָם אויסרעד, אַז זײַנע אונטערטהאַנען האָבען ניט וועגען וואָס צו טראַכטען, ווײַל ער אַליין „טראַכט שוין פאַר זיי״; דער אַל-טער גלויבען אין טורמעס, געוואַלד, תליות, די אַלטע געוועהנהייט צו אונטערדריקען, צו שטיקען, ווי ווײַט מעגליך איז — דאָס אַלץ איז געוועָן די הויפט-וואַפען אין זײַן פאָליטיק. וויקטאָר-עמנואֵל האָט פונדעסטוועגען מורא געהאַט אַרויסצוטרעטען אָפען געגען פער-דינאַנד.

## גאַריבאַלדי.

דאַן איז די סיציליאַנער צו הילף געקומען דער פאָלקס-העלד גאַריבאַלדי. דאָס איז געוועָן אַ מענש זעהר אַ קלוגער, אַ דרייַ-סטער, וועלכער האָט היים געליבט זײַן פאָטערלאַנד. זעהענדיג, אַז קיינער קומט ניט צו הילף די סיציליאַנער, האָט ער אויפגעקליבען אַ הויפען פרייַוויליגע, האָט געקראָגען 4 האַרמאַטען און 5 טויזענד ביקסען און איז אַוועק אין סיציליען, כדי מיט אַזעלכע שוואַכע קרעפטען צו ערָאָבערן די פרייַהייט און די איינינקייט פון איטאַלי-ען. ווי זיי זענען נור צוגעשטאַנען צו די ברעגען פון סיציליען, האָבען זיך דיזע פרייַוויליגע (אָדער די „רויטע העמדלעך״, ווי מען האָט זיי אַ צונאָמען געגעבען נאָך זייער קאָסטיום נאָך) גענומען דרייסט צו דער אַרבייט. אונטער גאַריבאַלדי'ס פאָהנען האָבען זיך אָנגעהויבען צוזאַמענצוקלייַבען פון אַלע קאַנטען מחנות סיציליאַ-נער און אַנדערע פרייַוויליגע; פיעלע פון זיי האָבען אפילו קיינמאָל ניט געהאַלטען קיין ביקס אין די הענד, נאָר אַלע האָבען שטאַרק געליעבט די היימאַט און זייער זאַך און זענען געוועָן גרייט צו אָפּ-פערן זייער לעבען.

היקטאָר-עמנואֵל האָט מיט האַרץ-קלאַפעניש זיך צו-געקוקט צו גאַריבאַלדי'ס טהעטיגקייט; אין דער-שטיל האָט ער איהם געוואונשען דעָם גלענצענדסטען ערפאָלג; ער האָט אָבער מורא געהאַט אָפען צוצושטעהן צו איהם און האָט זאָגאַר אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל צו שיסען די „בונטאָווטשטשיקעס״, אויב זיי וועלען צושטעהן צו זייַנע ברעגען.

## דאָס אייננעהמען סיציליען.

דערווייל האָט גאַריבאַלדי נאָך אַ דרייסטען קאַמפף גע-נומען די שטאָדט פאַלערמאָ אין סיציליען, וועלכע איז גע-וועָן בעזעצט פון דער קעניגליכער אַרמעע פון די בורבאָנען, אין

קורצען איז גאנץ סיציליען אריבער צו איהם אין די הענד: דאס פאלק איז אומעטום אריבער אויף זיין זייט און האט איהם בעגעגענט מיט שמחה.

## גאריבאלדי'ס ערפאלג אין נעאפאל.

נאכדעם, ווי ער האט איינגענומען סיציליען, איז גאריבאלדי אריבער צו דער קעניגליכער הויפט־שטאדט נעאפאל. דער קעניג פראנציסק איז מבולבל געווארען. ער האט געזעהען, אז אלע געהען אריבער אויף גאריבאלדי'ס זייט. די ארמעע פון דיזען העלד איז געוואקסען, ווי א הויפען שנעע, וועלכער פאלט באַרג אראב. פראנציסק האט באלד אנגעהויבען אנצוטרעטען, בעת ער האט בעמערקט, אז ניט נור דאס פאלק, נאר אפילו אויך די סאלדאטען שרייען: „עס לעבע וויקטאר־עמנואל, דער קעניג פון איטאליען". גאריבאלדי איז מיט פאראד אריין אין דער הויפט־שטאדט; דאס פאלק האט איהם אויפגענומען מיט פרייד. ארום זיין קארעטע האבען זיך געשטויסען אלע בירגער, מען האט איהם בעשאטען מיט בלומען און בעגעגענט מיט פאלמען אין די הענד.

פון דעם הויז, וואו ער האט זיך געפונען, האט גאריבאלדי אין דעם דאזיגען אבענד געמוזט איינינגע מאל ארויס אויפ'ן באלקאן צו בעווייזען זיך פאר די גליקליכע איינוואהנער. די גאנצע שטאדט איז געווען אילומינירט, אומעטום האבען געפלאטערט פאהנען. גאריבאלדי האט געהאלטען א פייערליכע רעדע פאר'ן פאלק. ער האט געזאגט: „נעאפאליטאנער! אריינגעטראטען אין דיזער שעהנסטער שטאדט פון איטאליען בין איך פול מיט פרייד. אייער פרייהייט ברענגט אריין אין ענטציקונג די איטאליענער און דיענט אלס א טרייסט פאר דער גאנצער מענשהייט.

„איך קום צו אייך אליין ניט צו אונטערטהעניגען אייך, נאר אויסצושטרעקען אייך די האנד צו הילף. היינט קענען מיר מיט פער־איינינגטע קרעפטען בעזיעגען אלץ, כדי צו דערגרייכען אונזערע ציעלען.

„מיר נעהמען קיין זאך ניט אב ביי אנדערע: מיר ווילען נור איטאליען זאל עקזיסטירען און איטאליען וועט בעשאפען ווערען!

„איהר האט רעכט צו פרעהען זיך שטארק אין דעם טאג, ווען עס איז געפאלען די קנעכטשאפט, וועלכע האט אייך געדריקט, און ווען עס הויבט זיך אן א תקופה פון פרייהייט און אונאבהענגיגקייט.

„איך דאנק אייך פאר אייער אויפנאהם, איך דאנק אייך ניט פון מיין נאמען וועגען, פון איטאליענ'ס נאמען, וועלכעס איהר

העלפט אויפשטעלען און פעראייניגען. איהר פערדיענט דערמיט די דאנקבארקייט ניט נור פון איטאליען, נאר אויך פון גאנץ אוי־ראפא".

אזוי האט זיך דער טאג געענדיגט מיט אלגעמיינער פרייד און פאראד. דערווייל האט שוין וויקטאר־עמנואל גראטולירט גא־ריבאלדי'ן מיט'ן ערפאלג און איז געוועזען זעהר צופריעדען, וואס גאריבאלדי האט פאנאנדערגעוויקעלט דעם קנויל, וואס מען האט איהם מיט פאליטיק ניט געקענט פאנאנדערפלאנטערן. ווען גארי־באלדי איז ארויסגעטראטען געגען דעם בורבאן און האט איהם צוויי מאל צוקלאפט, האט זיך וויקטאר־עמנואל אפען פעראיי־ניגט מיט גאריבאלדי'ן און האט איהם געשיקט זיין ארמעע צו הילף. דערנאך איז ער אויך אליין געקומען אין נעאפאל. דא האבען איהם פיעלע בעגעגענט, אלס אנ'אנערקענטען קעניג פון אי־טאליען.

נעאפאל ווערט פעראייניגט מיט פיעמאנט.

די מאכט פון די בורבאנען איז צובראכען געווארען און צו זייער רעגירען האט געגומען א סוף. גאריבאלדי איז לויט זיינע איבערצייגונגען געוועזען א רעפובליקאנער, ער האט געשטרעבט צו דעם, אז דאס פאלק זאל אליין נעהמען די מאכט אין זיינע הענד און זאל גרינדען א רעפובליק. די מעסיגע זענען אבער געוועזען געגען דעם, דער־ביי זענען די פויערים געוועזען נאך ווייניג בעוואוסט און זענען צוגע־שטאנען צו די מעסיגע. עס האט זיך אנגעהויבען א מחלוקת. דאן האט גאריבאלדי איבערגעגעבען די פראגע אויף אבשטימונג און דאס פאלק האט זיך ארויסגעזאגט פאר א מאנארכיע און פאר'ן בעהעפטען זיך מיט פיעמאנט. גאריבאלדי האט איינגעשטימט, און דעם 2־טען יוני 1861 יאהר האט מען אין דעם גאנצען פעראיי־ניגטען איטאליען (אויסער רוים און וועגעדיג) געפייערט דעם יום־טוב פון „איינינקייט". נאכדעם האט זיך צוזאמענגעקליבען דער אי־טאליענישער פארלאמענט (דארטען זענען אויך געוועזען דעפוטאטען פון נעאפאל) און דא האט וויקטאר־עמנואל פייערליך און אפיציעל אומגעביטען דעם טיטעל — קעניג פון פיעמאנט אויף דעם טיטעל „קעניג פון איטאליען". אזוי האבען זיך פערווירקליכט די פערלאנגען פון די בעסטע מענשען, פערלאנגען, וואס האבען גע־קאסט אזוי פיעל קרבנות, פערלאנגען, צוליעב וועלכע עס זענען אומ־געקומען אין די עסטרייכישע טורמעס און געפענגניסען די בעסטע און די עדעלסטע מענשען.

## די פֿעראייניגונג מיט רוים און װענעדיג.

איצט איז נאָך געבליבען אָבצונעהמען װענעדיג בײַ די עסטרײַכער און רוים בײַם פּויפּסט. װידער האָבען אַלע מיט האָפֿנונג אָנגעהויבען צו קוקען אויף גאַריבאַלדי'ן (דער פּשוט'ער עולם, װעלכער איז געניײגט צו זעהען אין אַלץ נסים, האָט געהאַלטען גאַריבאַלדי'ן פֿאַר אַ האַלבען גאָט, װעלכער בעזיצט אַנ'איבערנאַטירליכע קראַפֿט, מען האָט גערעדט, אַז ער טראָגט אויף זיך אַ פֿערכּשופֿ'טעס העמד, װאָס ער דאַרף נאָר אַ טרײסעל טהאָן נאָך יעדען געפֿעכט, װי אַלע קוילען װעלען אַרויספֿאַלען גלײַך אויף דער ערד). װיסענדיג זײַן קראַפֿט האָט גאַריבאַלדי בעשלאָסען צו געהן אויף רוים. פֿאַר דעם פּויפּסט האָט זיך אָבער אײַנגעשטעלט דער פֿראַנצויזישער קעניג נאַפּאָלעאָן; צוליעב עפּעס אַ קאַפּריז האָט זיך איהם געוואָלט, אַז בײַם פּויפּסט זאָל בלײַבען די פּראָווינץ. נאַפּאָלעאָן האָט געמעלדעט װיקטאָר-עמנואל'ן, אַז אויב ער װעט העלפֿען גאַריבאַלדי'ן, װעלען זיך גלײַך די פֿראַנצויזישע סאָלדאַטען בעווײַזען אין איטאַליען. װיקטאָר-עמנואל האָט זיך דערשראָקען, און מיטפֿיהלענדיג אין האַרצען גאַריבאַלדי'ן, האָט ער דאָך אַרויסגעשיקט געגען איהם אַנ'אַרמעע. דיזע אַרמעע האָט אַרומגערינגעלט גאַריבאַלדי'ן, עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שיסערײַ און גאַריבאַלדי איז פֿערוואונדעט געוואָרען דורך אַ סאָלדאַט פֿון דעם קעניג, װעלכער האָט האַלב איטאַליען בעקומען דורך גאַריבאַלדי'ן. גאַריבאַלדי'ן האָט מען געפֿאַנגען גענומען, מען האָט איהם געמעלדעט אַלס אַ מורד און דערנאָך בעגנאַדיגט. אָט די גאַנצע קאָמעדיע האָט װיקטאָר-עמנואל אָבגעטהאָן אויס מורא פֿאַר נאַפּאָלעאָנ'ען. נאָר מיט דיזען טריט האָט ער אויפֿגערײצט געגען זיך פֿיעל בירגער, און די רעפּובליקאַנישע פּאַרטײ האָט װידער אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ, און האָט װידער אָנגעהויבען צו טראַכטען װעגען מאַכען אין איטאַליען אַ רעפּובליק.

רוים האָט מען אַלזאָ ניט אײַנגענומען. דאָך האָט מען אין קורצען צוגענומען װענעדיג בײַ די עסטרײַכער און פֿעראייניגט מיט פּיעמאָנט אין 1866 יאָהר. איצט איז געבליבען נור צוצונעהמען רוים, אין װעלכען עס האָט זיך פֿעסט געהאַלטען פּיוס דער IX.

אַנשטאָט צו געהן מיט דער צײַט, האָט פּיוס גאָר אָנגעהויבען צו טראַכטען װעגען פֿערגרעסערען זײַן מאַכט. ער האָט פֿאַנאַנדערגעשיקט אַלע בּיסקופּען אַ בריעף, אין װעלכען ער האָט אויסגערעכענט די הטאים פֿון דער געזעלשאַפֿט: פֿילאָזאָפֿיע, פּאָליטיק,

פֿערשיעדענע ערפֿינדונגען א. ז. וו. ער האט דערבײַ געמעלדעט, אַז די קירכליכע מאַכט איז דורכאויס העכער פֿאַר דער בירגערליכער מאַכט; ער האט פֿערשאָלטען אַלעמען, וועס עס האט דערלאָזען געוויסענס־פֿרייַהייַט, גלויבענס־פֿרייַהייַט א. ז. וו.

אין 1870 יאָהר האט ער צוזאַמענגערופֿען אַנ'אַסיפֿה פֿון בּיס־קופּען און האט אַרויסגעטראָגען אַ רעזאָלוציע וועגען די זינדלאָזיגקייַט פֿון די פּויפּסטען, איצט און אין דער צוקונפֿט. אַ לאַנגע צייַט וואָלט ער נאָך געהערשט, ווען עס וואָלט ניט פּאַסירט די צרה מיט נאַפּאָלעאָנ'ען. נאַפּאָלעאָן האט אָנגעהויבען די ניט־געראָטענע מלחמה מיט דייַטשלאַנד. די מלחמה האט זיך געענדיגט מיט נאַפּאָלעאָנ'ס מפּלה און מיט דעם פֿערטרייַבען איהם פֿון טראָהן. דער פּויפּסט איז אויף אַזאַ אופֿן געבליבען אַליין, דער וועג נאָך רוים איז געבליבען ניט פֿערשטעלט. אין דיזער צייַט האט זיך דאָרט אָנגעהויבען אַנ'אָפֿענע פֿאָלקס־בּעוועגונג. צו הילף איז איהר אונטערגעקומען די איטאַליענישע אַרמעע, וועלכע האט צובּראָכען די טויערן פֿון שטאָדט מיט קוילען און איז אַרייַן אין דער הויפּט־שטאָדט. „איך פּראָטעסטיר פֿייַערליך גענען די געוואַלד־טהאַט“, האט געזאָגט דער פּויפּסט, ווען מען האט בּייַ איהם צוגענומען דעם וועלט־ליכען טראָהן. פֿון יענער צייַט אָן האָבען די פּויפּסטען אָנגעהויבען צו וואָהנען אין וואַטיקאַן און האָבען זיך אַ נאָמען געגעבען „די געפֿאַנגענע פֿון וואַטיקאַן“. רוים איז געוואָרען די הויפּט־שטאָדט פֿון דעם פֿעראייניגטען און פֿרייַען איטאַליען.

אַזוי זענען מקוים געוואָרען די שטרעבּונגען פֿון די בּעסטע מענשען פֿון יענער צייַט. איטאַליען האט אָנגעהויבען צו לעבּען בּעסער און פֿרייַער.

דער ראָמאַן „די בּיהן“, וועלכען מיר לעגען דאָ פֿאָר, גיט איבּער דאָס קאַמפּף־בּילד פֿונ'ם „יונגען איטאַליען“ אין די 40־ער יאָהרען פֿון פֿערגאַנגענעם יאָהרהונדערט, ד. ה. מיט אַ יאָהר 20־30 צוריק, איידער איטאַליען האט זיך להלוטין פֿעראייניגט.

# „די ביחן"

א ראמאן פון איטאליעניש‎ען לעבען.

פון א. וואינ.טש.

## I.

דאָס איז פאָרגעקומען אין איטאַליען, אין דער שטאָדט פּיזאַ. אַרטור בערטאָן, אַ יונגער סטודענט, איז געזעסען אין גלה'שען סעמינאַריום אינ'ם ביבליאָטעק־צימער פון זיין ערציהער, און האָט געהאַלטען אין דורכקוקען מאַנוסקריפּטען פון קירכען־דרשות.

עס איז געווען אַ הייסער יולי־אָבענד, און די פענסטער זענען געווען איינגאַנצען פאַנאַנדערגעעפענט. דער דירעקטאָר פון סעמינאַריום, דער קאַפּעלאַן*) מאָנטאַנעלי האָט אויף אַ רגע אויפגעהערט צו שרייבען און האָט מיט ליעבע אַ קוק געטהון אויף דאָס שוואַרצע קעפּעל, וואָס איז געווען איינגעבויגען איבער די פּאַפּיערען. ער און אַרטור זענען געוועזען מאָדנע ענליך איינער אויף דעם אַנדערן, אַזוי ווי קרובים.

— וואָס, מיין ליעבער, דו קענסט עס ניט געפינען?

— עס מאַנגעלט ניט אויס, איך וועל עס אויפשרייבען פון דאָס ניי, פיליייכט איז דאָס ערגעץ־וואו פערלאָרען געגאַנגען, און איך פערהאַלט דיך גאָר אומזיסט!

מאָנטאַנעלי האָט גערעדט מיט אַ נידריגער, אָבער אַ פולער און קלינגענדער שטים. דאָס איז געווען אַ שטים פון אַ געבאָרענעם רעדנער, רייך אין קלאַנגען, בשעת ער האָט זיך געווענדעט צו אַרטור'ן, האָט זיך אין איהר געפיהלט אַ בעזונדערע צערטליכקייט.

— ניין, פּאַדרע!**) איך מוז עס געפינען.

אַרטור האָט זיך אויפגעהויבען און האָט גענומען שפּרייזען איבערן צימער מיט עלאַסטישע טריט, וועלכע פלעגען אויפרעגען זיינע הויזיגע, וואָס האָבען איהם ניט ליעב געהאַט. דאָס איז געווען אַ שלאַנקער יונגער מאַן, און האָט געהאַט גאָר ווייניג ענליכקייט אָן אַן ענגלישען יונגלינג. בשעת ער פלעגט זיצען, האָט מען איהם געקענט אָננעהמען פאַר אַ שעהן מיידעלע, איבערגעטהאָן אין מענער=

*) קאַפּעלאַן הייסט אַ קאַטוילישער גלח פון אַ קליינער קירכע, פון אַ קאַפּעללאַ.

**) פּאַדרע — "אָטער.

קלייִדער; נור ווען ער פֿלעגט זיך שטעלען און נעהמען ארומנעהן, האט ער אויסגעזעהען אזוי עלאסטיש און בעוועגליך ווי א צונגע־האוינטע פּאנטערע, ביי וועלכער מען האט אבגעשניטען די נעגעל.

— ניט שוין־זשע האסט דו עס געפֿונען? וואס וואלט איך אהן דיר געטהאן, ארטור! — האט מאנטאנעלי געזאגט. — אבער ניין, מעהר וועל איך ניט שרייבען; לאמיר געהן אין גארטען!

זיי זענען אוועק אין דעם שטילען קלויסטער־גארטען, וואס איז געשטאנען אין שאטען און איז געוועזען פֿול מיט ראזען, מיט בליהענדע מאהנבלומען און אנדערע געוויקסען.

אין איין ווינקעל האט געבליהט אנ׳אונגעהויער גרויסע מאגנאליע, וועלכע האט אויסגעזעהען ווי א דונקעל־גרינער טורם, פֿול מיט שנעע־ווייסע בלומען. צום בוים איז געווען צוגעפּאסט א פּראסטע הילצערנע באנק. מאנטאנעלי האט זיך אויף איהר אוועקגעזעצט.

ארטור האט אין אוניווערזיטעט, פֿילאזאפֿיע שטודירט, און אז איהם פֿלעגט זיך טרעפֿען א שווערע שטעלע אין בוך, פֿלעגט ער זיך ווענדען צום פּאטער, וועלכער פֿלעגט עס איהם ערקלערען.

— נו, איצט וויל איך אוועקגעהן, האט ארטור געזאגט. אודאי דארפֿט איהר מיר שוין מעהר ניט צו אייער ארבייט.

— איך וועל שוין מעהר ניט ארבייטען, נור איך וואלט גערן געבליבען זיצען מיט דיר, אויב דו האסט צייט.

— אודאי איז דא.

ארטור האט זיך אנגעשפּארט מיט׳ן פּלייצע אן שטאם פֿון בוים און האט גענומען קוקען ארויף אין דער הויך דורך די געדיכטע דונקעל־גרינע בלעטער אויף די בלייכע שטערן, וועלכע האבען געשיינט אויפ׳ן רוהיגען הימעל. זיינע פֿערקלערטע דונקעל־בלויע אויגען מיט שווארצע ברעמען האט ער געירש׳ענט פֿון זיין מוטער, און מאנטאנעלי האט אבגעקעהרט אין פֿערווירונג דעם קאפּ, כדי ניט צו זעהען זיי. —

— דו זעהסט אויס אזוי פֿערמאטערט, מיין ליעבער!

— וואס קען מען מאכען, — האט ארטור געענטפֿערט מיט א מידער שטים.

— דו מוזט זעהן אנקלייבען פֿרישע כחות, האט געענטפֿערט דער גלח. — אין מיטען אויגוסט וועל איך אוועקפֿאהרען אין די אלפּען זיך אויסרוהען א ביסעל. אפֿשר וועסטו מיטפֿאהרען? מיר וואלטען דארט שפּאצירט איבער די בערג און וואלטען זיך בעקענען מיט די אלפּישע גראזען. נור, פֿילייכט וועט דיר זיין לאנגווייליג מיט מיר?

— פאַדרעֶ! — האָט אַרטור אָנגעהויבען צו פּאַטשען מיט די הענד פאַר פרייד. — איך וואָלט אַלץ אויף דער וועלט אַוועקגעגעבען, אַבי נור פאָהרען מיט דיר... איך ווייס אָבער ניט... ער האָט זיך אָבגעהאַלטען.

— דו מיינסט, אַז דיין ברודער, מיסטער בערטאָן, וועט דיר שטערען?

— געוויס וועט דאָס איהם ניט געפעלען, ער קען מיר אָבער ניט שטערען. מיר איז איצט 18 יאָהר און איך קען טהאָן, וואָס איך וויל. אויסער דעם האָט ער זיך שטענדיג שלעכט בעצויגען צו מיין מוטער, און איך ווייס ניט, פאַר וואָס זאָל איך איהם פאָלגען. ער און זיין ווייב יוליע האָבען מיך שטענדיג פערהאַסט און וועלען מיך שטענדיג פערהאַסען, וואָס און ווי איך זאָל ניט טהאָן.

— זיי געדולדיג, מיין זוהן! מען דאַרף קיין מענשען ניט אויפ־רייצען געגען זיך, אַלץ איינס, צו זיי ליעבען, צו זיי האַסען דיך. ער האָט דאָס אַרויסגערעדט אַזוי ווייך, אַז אַרטור איז אַפילו ניט רויט געוואָרען.

— איך ווייס עס, האָט ער געענטפערט מיט אַ זיפץ, — עס איז אָבער אַזוי שווער.

— ס'האָט מיר אַזוי באַנג געטהאָן, וואָס דו האָסט ניט געקענט קומען צו מיר דינסטאָג אין אָבענד! — האָט מאָנטאַנעלי גיך אַריבער־געטראָגען דעם געשפּרעך אויף אַנ'אַנדערן.

— איך האָב ניט געקענט קומען, ווייל איך האָב צוגעזאָגט אַ סטודענט קומען צו איהם אויף אַ פערזאַמלונג, און מען האָט דאָרט אויף מיך געוואַרט.

— וואָס פאַר אַ פערזאַמלונג?

די פראַגע האָט אַריינגעבראַכט אַרטור'ן אין פערלעגענהייט.

— דאָס איז ניט געווען קיין עכטע פערזאַמלונג, האָט ער גע־זאָגט שטאַמלענדיג. — אַ סטודענט איז געקומען צופאָהרען פון גע־נוע און האָט געהאַלטען אַ רעדע, דאָס איז געווען אַ מין לעקציע.

וואָס איז געווען דער אינהאַלט פון דער לעקציע?

אַרטור האָט נישט געפונען וואָס צו ענטפערען.

— איהר וועט דאָך ניט פרעגען ביי מיר, ווי מען רופט איהם, פאַדרע, נישט אמת? ווייל איך האָב פערשפּראָכען...

— איך וועל דיר וועגען קיין זאַך ניט פרעגען, און אויב דו האָסט פערשפּראָכען צו האַלטען עפּעס בסוד, דאַרפסטו עס מיר ניט דערצעהלען. מיר דוכט אָבער, אַז מיר האָסט דו זיך שוין געקענט אָנטרויען.

דיין לעבען. דאָ אָבער קען איך גאָר ניט מאַכען. איך בעט דיך נור, זיי פאָרזיכטיג. דאַרפסט זיך גוט בעטראַכטען, איידער דו וועסט דאָס פערשפרעכען. טהו דאָס, ניט אַזוי צוליעב מיר, ווי צוליעב דיין מוטער, וועלכע איז איצט אויפ'ן הימעל.

— איך וועל זיך איבערלעגען, פאַדרע, זאָט מתפלל פאַר מיך און פאַר איטאַליען. —

ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע שווייגענדיג. מאָנטאַנעלי האָט שווייגענדיג אַרויפגעלעגט זיין האַנד אויף אַרטור'ס איינגעבויגענעם קאָפּ. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך אַרטור אויפגעהויבען, אַ קוש געטהאָן זיין ערציהער אין האַנד, און איז מיט ווייכע טריט אַוועק איבער די מיט טוי בעדעקטע גראָז. אונבעוועגליך איז מאָנטאַנעלי געבליבען זיצען אַליין אונטער'ן בוים און ער האָט געקוקט אין דער פינסטערניש.

— דאָס איז גאָט'ס נקמה געפאַלען אויף מיר, אַזוי ווי זי איז געפאַלען אויף דוד המלך, האָט ער אַ טראַכט געטהאָן. איך האָב פעראונרייניגט זיין מזבח. ער איז געווען געדולדיג מיט מיר, איצט אָבער בעשטראָפט ער מיך. „מחמת דו האָסט דאָס געטהאָן פערבאָרגענערהייד, וועל איך דאָס טהאָן אָפען“. דאָס קינד, וואָס איז דיר געבאָרען געוואָרען, מוז שטאַרבען.

## II.

אַרטור'ס פאָטער, מיסטער בערטאָן, איז געווען אַ רייכער שיפס-אייגענטימער אין לאָנדאָן און אין ליוואָרנאָ. פון זיין ערשטער פרוי, וועלכע איז זעהר גיך געשטאָרבען, זענען איהם געבליבען צוויי זיהן. ווען עס האָט איהם דערעסען צו זיין אַנ'אַלמן, האָט ער התונה געהאַט מיט זיינע קינדער'ס גובערנאַנטין — אַ שעהנער קאַטוילין, פון וועלכער עס איז געבאָרען געוואָרען אַרטור. זיינע עלטערע קינדער, דזשעמס און טאָמאַס, איז זעהר ניט געפעלען געוואָרען צו האָבען אַ שטיפמוטער ביי זיך אין דער היים, דאָך האָבען זיי געהאַלטען פאַר זייער חוב צו שווייגען, רעכענענדיג עס פאַר אַ בעשערטער זאַך. אָבער נאָכ'ן פאָטערס טויט זענען די בעציהונגען ערגער געוואָרען. דער עלטערער ברודער האָט התונה געהאַט מיט יוליען, וועלכע האָט געהאַט אַ שלעכטען כאַראַקטער און אַ אונברהמנות'דיגע צונג. ביידע ברידער האָבען זיך זעהר אָרענטליך בעגאַנגען מיט דער שטיף-מוטער, כל זמן זי האָט געלעבט. זיי האָבען

זיך אויך גוט בעצויגען צו אַרטור'ען, ד. ה. זיי פֿלעגען איהם געבען גענוג געלד און האָבען איהם געלאָזען טהאָן, וואָס ער האָט געוואָלט.

ווי עס ווייזט אויס, איז דושעמס בערטאָן ניט זעהר צופֿריעדען געוועזען, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אַרטור וויל אַרומוואַנדרעווען איבער דער שווייץ צוזאַמען מיט מאָנטאַנעלי'ן. דאָך האָט ער ערלויבט אַרטור'ן צו פֿערברענגען די פֿעריען־צייט ווי איהם געלוסט זיך און האָט איהם געשיקט אַ סך געלד אויף דער רייזע.

אַרטור האָט איינגעקויפֿט אַ סך ביכער און פּרעסען צו טריקענען פֿלאַנצונגען און האָט זיך אַוועקגעלאָזען אויף דער ערשטער רייזע אין די אַלפּען צוזאַמען מיט'ן פּאַדרע.

מאָנטאַנעלי איז געוועזען פֿרעהליך און רוהיג. ער האָט אָנגעהויבען רוהיגער צו קוקען אויף אַלץ. אַרטור איז נאָך געוועזען יונג און ניט פּראַקטיש. זיין בעשלוס האָט זיך נאָך געקענט אומבייטען. אָהן אַ ספק, אַז מיט גוטען וואָלט מען איהם געקענט איבערצייגען און איינרעדען ער זאָל ניט געהן מיט דעם געפֿעהרליכען וועג, אויף וועלכען ער איז נור וואָס אַרויפֿגעטראָטען.

די רייזע איז געוועזען אַ פּרעכטיגע. דער שווייגעדיגער און פֿערטראַכטער אַרטור איז געוואָרען לעבעדיג און פֿרעהליך. זיין שטימונג האָט זיך אינגאַנצען אומגעביטען און ער האָט געקראָגען אַ גוטען אַפּעטיט. זיי האָבען פֿיעל אַרומגערייזט איבער די בערג. צייטענווייז פֿלעגט אַרטור אַליין אַוועקלויפֿען אין די בערג און דאָרט פֿערפֿאַלען ווערען שעה'ן־לאַנג. איינמאָל האָט ער זיך אומגעקעהרט מיט אַ קליינער דריי־יאָהריגער דאָרפֿישער מיידעלע אויף די פּלייצעס. מאָנטאַנעלי האָט געקוקט אויף איהם, שמייכלענדיג.

— וואו ביזט דו געוועזען, חסר־דעה? אָהן פֿרישטיק אַרומגעקלעטערט איבער די בערג.

— אוי, פּאַדרע ווי דאָרטען איז גוט געוועזען! ווי וואונדערליך־שעהן די בערג זענען ביים זונאויפֿגאַנג, היינט דער טהוי איז אַזוי געדיכט. איצט אָבער וויל איך עסען. מען דאַרף אָנזעטיגען דאָס דאָזיגע קליינע פּאַרשויינדעל. ווילסט דו האָניג, אַנעט?

— ניין, ניין, — האָט זיך מאָנטאַנעלי אַריינגעמישט, דו ביזט אינגאַנצען אַ נאַסער. קום צו מיר, אַנעט!

ווען אַרטור האָט איבערגעביטען די זאָקען און איז אַריינגעקומען פֿרישטיקען, איז דאָס מיידעלע געזעסען ביים גלה אויף די קניע און האָט מיט איהם פֿרעהליך געפּלוידערט.

מאָנטאַנעלי האָט געשפּיעלט מיט דעם קינד, האָט געגלעט זיינע האָר און האָט איהם דערצעהלט וואונדערליכע מעשה'לעך.

די ווירטין, וואָס איז געקומען צוקלייבען פון טיש האָט מיט פערוואונדערונג אָנגעקוקט דאָס קליינע מיידעלע, וואָס האָט אויס־געקעהרט די טאַשען ביי דעם אָנגעזעהענעם העָרר אין גלה'שע קליידער.

— גאָט לערענט אויס די קליינע קינדער צו דערקענען גוטע מענשען. אַ נ ע ט האָט שטענדיג מורא פאַר פרעמדע מענשען, און דאָ, גיט נאָר אַ קוק ווי זי שרעקט זיך גאָר נישט. שטעל זיך אויף די קניע, אַ נ ע ט, און בעט, אַז דער גוטער העָרר זאָל דיך בענשען: זיין ברכה וועט דיר ברענגען גליק.

— איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אַז איהר קענט שפיעלען מיט קינדער, — האָט אַ ר ט ו ר געזאָגט אין אַ שעה אַרום, געהענדיג איבער'ן פעלד, וואָס איז געווען פערגאָסען מיט די שטראַהלען פון דער זון. — דאָס קינד האָט פון אַייך די אויגען ניט אַראָבגענומען. איהר ווייסט, וואָס איך מיין...

— וואָס? מיר דוכט, אַז עס איז אַ שאָד, וואָס די קירכע האָט פערבאָטען די גייסטליכע התונה צו האָבען. איך פערשטעה אין גרונד ניט פאַר וואָס דאָס איז? ערציהען קינדער איז דאָך אַזאַ שווערע זאַך, און מיר דוכט, אַז וואָס דער מענש שטעהט העכער, וואָס זיין לעבען איז ריינער, אַלץ פעהיגער איז ער צו זיין אַ פאָטער פון קינדער. איך בין זיכער, ווען איהר וואָלט ניט געטהאָן קיין נדר און איהר וואָלט התונה געהאַט וואָלטען אייערע קינדער געווען...

— ש,ש,שאַ!

פ אַ ד ר ע האָט עס געשוויגנד אַרויסגעשעפטשעט. דערנאָך איז אָנגעקומען אַ טיעפער שטיל־שווייגען.

— פ אַ ד ר ע, — האָט אַ ר ט ו ר ווידער אָנגעהויבען, זעהענדיג אַז זיין ערציהער איז מיט אַמאָל געוואָרען טרויעריג. — צו דען האָב איך געזאָגט עפעס ניט פאַסענדעס?

— ס'איז מעגליך, — האָט מ אָ נ ט אַ נ עֶ ל י געענטפערט מיט אַ ווייכער שטים, — דו פערשטעהסט ניט גאָר, וואָס דו רעדסט. אין איינינגע יאָהר אַרום וועסט דו בייטען דיין קוק אויף אַלץ. איצט לאָמיר בעסער רעדען וועגען עפעס אַנדערעס.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען זייער גליק און רוהיג־קייט איז געשטערט געוואָרען.

אַרומרייזענדיג איבער די בערג, האָבען זיי איינמאָל זיך אָב־געשטעלט אין אַ האָטעל. נאָך מיטאָג האָבען זיי זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן באַלקאָן, פון וואַנען עס האָבען זיך געזעהן די בערג אין אַ הערליכער מראה.

אַ ר ט ו ר האָט אַרויסגענומען זיינע באָטאַנישע קאָלעקציעס און

האָט זיך פֿערטיפֿט אין געשפּרעך מיט זײַן ערציהער. זיי האָבען גע־רעדט איטאַליעניש.

אויפֿ'ן באַלקאָן זענען געזעסען נאָך צוויי ענגלענדער — מאַלער. איינער פֿון זיי האָט געהאַלטען אין מאָלען און דער אַנדערער האָט הויך גערעדט. עס האָט זיך איהם גאָר אויפֿ'ן קאָפּ ניט געלעגט, אַז אַן'אויסלענדער קען אויך פֿערשטעהן ענגליש.

— געטונג שוין דיר צו שמירען! — האָט ער געזאָגט צו זײַן חבר. — די מאָל בעסער אויס דעם וואונדערליכען איטאַליענישען אינגעל, וואָס איז אַרײַנגעקומען אין אַ ווילדער התפּעלות פֿון שטיקלאַך מאָך. טהו נאָר אַ קוק אויף די ליניעס פֿון זײַנע ברעמען. אַנשטאַט זײַן מיקראָסקאָפּ מאָל אויס אַ צלם, וואַרף אויף איהם אַרויף אַ רוימישע טאָגע און די וועסט האָבען אַנ'עכטען קריסט פֿון די ערשטע יאָהר־הונדערטער.

— ניטאָ וואָס צו זאָגען, אַ פֿיינער קריסט פֿון די ערשטע יאָהר־הונדערטער! איך בין געזעסען נעבען דעם יונגלינג בײַם מיטאָג־עסען: פֿון דער געבראָטענער פֿויגעל איז ער געווען פֿונקט אַזוי ענטציקט, ווי איצט פֿון די פֿערשטויבטע גראָזען. ער איז ניט מיאוס. שעהן איז דער אָליווען־פֿאַרב פֿון זײַן געזיכט. זײַן פֿאָטער איז אָבער אַ פֿולע שעהנער פֿון איהם.

— זײַן פֿאָטער?

— נו, יאָ, זײַן פֿאָטער, וואָס זיצט אַנטקעגען איהם. ניט שוין־זע האָסט דו עס ניט בעמערקט? ער האָט אַ וואונדערבאַרעס געזיכט.

— אַה, פֿערשטאָפּטער קאָפּ. דו קענסט אַפֿילו אַ קאַטוילישען גלח ניט דערקענען.

— אַ גלח? צום שוואַרץ־יאָהר! עס איז דאָך טאַקי אַ גלח. און איך האָב נאָר לחלוטין פֿערגעסען: אַ נדר ניט התונה צו האָבען, און אַז. וו. נו, לאָמיר זײַן פֿײַנע לײַט און אָננעהמען, אַז דאָס איז זײַנער אַ פּלימעניק.

— וואָס פֿאַר אַ נאַריש פֿאָלק דאָס איז! — האָט אַרטור גע־זאָגט, קוקענדיג מיט פֿרעהליכע אויגען אויף מאָנטאַנעלי. — פֿונדעסטוועגען איז עס מיר אַנגענעהם, וואָס זיי געפֿינען, אַז איך בין ענהליך אָן אייך. איך וואָלט טאַקי מיט אַנ'אמת געוואָלט זײַן אייערער אַ פּלימעניק. אָבער וואָס איז מיט אייך, פּאַדרע? ווי איהר זײַט בלייך געוואָרען?

מאָנטאַנעלי האָט זיך אויפֿגעהויבען און האָט אַ וויש געטהאָן דעם שטערן מיט'ן האַנד.

— מיר האָט אָנגעהויבען צו שווינדלען דער קאָפּ, — האָט ער געזאָגט מיט אַ געפֿאַלענעם קול. — עס קען זײַן, ווײַל איך בין צו לאַנג

געזעסען הײַנט אויפ'ן זון. איך װעל מיך געהן, מײַן ליעבער צולעגען. דאָס איז אַלץ צוליב דער שרעקליכער היץ.

עטליכע װאָכען האָבען מאָנטאַנעלי און אַרטור אַרומגעי רײַזט איבער די בערג. לסוף האָבען זײ זיך צוריקגעקעהרט אין איטאַליען. די גאַנצע צײַט איז געװען אַ שעהנעס װעטער. מאָנטאַנעלי איז אָבער די גאַנצע צײַט געװען צוטראָגען. איהם האָט זיך געװאָלט דורכרעדען מיט אַרטור'ן אויף קלאָר װעגען זײַן פּאָליטישער טהעטיגקײַט. ער האָט זיך אָבער אַלץ ניט געקענט צוקלײַבען, ביז װאַנען עס איז שוין געקומען דער לעצטער אָבענד פון זײער רײַזע. מאָנטאַנעלי האָט פערשטאַנען, אַז אויב ער װעט זיך גלײַך ניט דורכרעדען מיט אַרטור'ן, װעט עס זיך איהם שפּעטער געװיס ניט אײַנגעבען. זײ זענען געבליבען אויף נאַכט אין לוגאַנאָ, אויף מאָרגען האָבען זײ שוין גערעכענט אַרויסצופאָהרען נאָך פּיזאַ. מאָנטאַנעלי'ן האָט זיך װעניגסטענס געװאָלט דערגעהן, װי טיעף זײַן ליבלינג איז שוין פערקראָכען אין דעם תהום פון דער איטאַליעניי שער פּאָליטיק.

— דער רעגען האָט שוין אויפגעהערט, — האָט ער שלעפעריג געזאָגט נאָכ'ן זון־אונטערגאַנג, — אויב מיר װילען זעהן די אָזערע — מוזען מיר זיך צואײַלען. לאָמיר געהן, איך װיל מיט דיר עפּעס רעדען.

זײ זענען אַװעק איבער'ן ברעג צו אַ שטילען אײַנזאַמען אָרט און האָבען זיך אַװעקגעזעצט אויף אַ נידריגען שטײַנערנעם פּאַרקאַן. נעבען זײ איז געװאַקסען אַ רויזען־קוסט, בעדעקט מיט פּורפּורנע קנאָספּען. איבער דער גרינער אויבערפלעכע פון דער אָזערע האָט זיך געגליצט אַ קלײן־שיפעלע מיט לײַכטע װײַסע זעגעלן, אָנגעבלאָזענע פון אַ װײַך װינטעלע. די רויזען האָבען אַראָבגעלאָזען זײערע קעפּלעך און האָבען געדרעמעלט אונטער דעם װאָלקענדיגען סעפּטעמבער־הימעל. דאָס װאַסער האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָן די שטײנדלעך פון ברעג און האָט שטיל געמורמעלט.

— הײַנט האָבען מיר דעם לעצטען מאָל די מעגליכקײַט צו רעדען מיט דיר אונטער פיער אויגען, — האָט מאָנטאַנעלי אָנגעהויבען. — דו װעסט דיך אומקעהרען צו דײַן אַרבײַט און צו דײַנע פרײַנד. איך װעל אויך זײַן שטאַרק פערנומען אַ גאַנץ װינטער. װיל איך אָבער װיסען פריהער פון אַלץ, װי װײַט דו ביזט שוין פערמישט אין פּאָליטיק. אויב דו טרויעסט מיר, טאָ זאָג מיר אַלץ אָפען!

אַרטור האָט געקוקט אויפ'ן װאַסער, האָט רוהיג צוגעהאָרכט און האָט גאָר ניט געענטפערט.

— איך וויל וויסען, צו ביזט דו פערבונדען מיט א וואָרט אָדער מיט עפּעס אַנ'אנדער זאַך?

איך האָב מיך מיט קיין וואָרט ניט פערבונדען, נאָר איך בין פערבונדען.

— איך פערשטעה ניט. וואָס פאַר א זינען איז פאַראַן אין צוזאָגען און אין פערשפּרעכען? ניט זיי פערפּפליכטען דעם מענשען. אַז מען זאָל זיך היים אָבגעבען צו א זאַך, פאַרבינדט עס דיך מיט איהר אָהן שום פערפּפליכטונגען. אויב אָבער דו פיהלסט זיך ניט אינערליך צוגעבונדען, וועלען קיין ווערטער ניט העלפען.

— זאָגסטו, הייסט עס, אַז דיין בעשלוס צו קעמפּפען פאַר דיין היימאַטה איז פעסט? צו האָסטו אָבער גוט בעטראַכט, וואָס דו רעדסט, אַרטור?

— פאַדרע! איך האָב ניט פערגעסען דאָס, וואָס מיר האָבען גע־רעדט יענעם אָבענד. איך וועל עס קיין מאָל ניט פערגעסען. איך מוז אָבער געהן מיט מיין וועג, צו דעם ליכט, וואָס עס שימערט מיר אין דער וויַיטען.

מאָנטאַנעלי האָט אָבגעריסען אַרויז פון קוסט, האָט איינ־ציגווייז אַרומגעריסען איהרע בלעטלעך און אַריינגעוואָרפען אין וואַ־סער.

— דו ביזט גערעכט, מיין ליעבער!... יע, לאָמיר מעהר וועגען דעם ניט רעדען. אסך רעדען העלפט אין דער אמת'ן גאָר ניט. אַלץ איינס, קום אַהיים!

.III

דער הערבסט און דער ווינטער זענען פאַרביַיגעגאַנגען רוהיג. אַרטור האָט זיך פלייסיג געלערענט. וועז ניט ווען פלעגט ער אַריינ־געהן צו מאָנטאַנעלי. זיי האָבען זעהר ליעב געהאַט איינער דעם אַנדערן, נאָר עפּעס אַזוי ווי אַ וואַנד איז געשטאַנען צווישען זיי. דער גלח האָט געהאַט פון אַרטור'ס וויזיטען מעהר פערדרוס איידער נחת. אַרטור האָט דונקעל געפיהלט, אַז מאָנטאַנעלי איז אין כעס אויף איהם פאַר זיינע „נייע אידעען". ער האָט זיך דעריבער געקסטאַרעט וועגען זיי ניט צו רעדען. דאָס שווערע געפיהל פון אונצו־פריעדענהייט און גייסטליכער פוסטקייט איז אָבער ביי איהם באַלד אינ־גאַנצען פערשוואונדען, ווי נור ער איז געקומען אין אַנ'ענגערער בעצי־הונג מיט די טהוערס פון „יונגען איטאַליען". זיין שטימונג איז

געוואָרען קלאָר און ליכטיג און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז די וועלט איז פיל ליכט. ער האָט געפינען פאַר וואָס צו ליעבען, אַפילו יענע, וועל־כע האָבען זיך צו איהם שלעכט בעצויגען. אויף מאָנטאַנעלי'ן האָט ער גאַנצע פינף יאָהר געקוקט ווי אויף אַ העלד. איצט האָט ער אָנגעהויבען צו בעציהען זיך צו איהם נאָך מיט גרעסערער התפעלות.

איינמאָל איז ער געקומען צו מאָנטאַנעלי אומבייטען אַ בוך. מאָנטאַנעלי האָט איהם אָנגעהויבען צו בעטען ער זאָל בלייבען און פערברענגען דעם אָבענד ביי איהם.

— איהר דאַרפט מיך האָבען! איך מוז אָבער היינט זיין אין אַנאַנדער אָרט. איבריגענס, איך קען ניט געהן אַהין, וואו איך האָב פערשפראָכען?

— ניין, דו קענסט מאָרגען אַריינקומען צו מיר.

מאָנטאַנעלי האָט איהם ערקלערט, אַז ער פאָהרט אַוועק ביז פריהלינג אין רוים, אַז עס ווערט איהם פאָרגעלעגט אַ שטעלע פון אַ ביסקופּ און אויף זיין אָרט ווערט אַ נייער דירעקטאָר — דער פאָטער קאַרדי. אַרטור איז געוואָרען פערוואונדערט און אומעטיג. זיי האָבען נאָך אַ קורצע צייט געשמועסט. מאָנטאַנעלי האָט אויס־געזעהען זעהר פערמאַטערט, גאָר ניט ווי אַ מענש, וואָס בעקומט אַזאַ הויכען פּאָסט. אַ ווייגער זעקס האָט זיך אַרטור אויפגעהויבען.

— איך מוז אַוועקגעהן, פּאַדרע! מיינע חברים־סטודענטען וועלען אויף מיך וואַרטען!

אויף מאָנטאַנעלי'ס געזיכט האָט זיך אויסגעדריקט שרעק.

— שוין? און דו האָסט כמעט פערטריבען מיין שווערע שטימונג. ניין, זיי געזונד. קום מאָרגען פריהער! טייער קינד מיינס, אַרטור, זיי פאָרזיכטיג, כל זמן איך וועל דאָ ניט זיין. בעטראַכט גוט איידער דו וועסט עפּעס טהאָן, איידער איך וועל ניט קומען אַהער צוריק. דו קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, ווי איך האָב מורא צו לאָזען דיך אַליין.

— זייט רוהיג, פּאַדרע, איצט איז אַלץ שטיל און עס וועט אַ לאַנגע צייט בלייבען אַזוי.

— געה געזונד! — האָט מאָנטאַנעלי געשווינד געזאָגט און האָט זיך גענומען פאַר זיין אַרבייט.

אויף דער סטודענטען־פערזאַמלונג האָט אַרטור פריהער פון אַלץ בעמערקט זיינע יוגענד־פריינדין, דזשעממע וואַרענס. זי איז געזעסען אין ווינקעל ביים פענסטער און האָט זיך אויפמערקזאַם און ערנסט צוגעהערט צו דעם, וואָס עס האָט איהר דערצעהלט איינער פון די הויפּט־פיהרער, באַללאַ, אַ הויכער, יונגער מאַן, אַ לאָמבאַרדער

אין אַנ'אָבגעניצטען אַנצוג. פֿאַר די לעצטע מאָנאַטען האָט זי זיך שטאַרק אומגעביטען, זיך ענטוויקעלט און האָט אויסגעזעהן ווי אַ דערוואַקסענע פֿרוי, הגם איהרע שוואַרצע צעפּ זענען נאָך אַלץ געהאַנגען ביי איהר אויפ'ן פּלייצע, ווי ביי אַ שילערין. זי איז געווען אָנגעטהאָן אין אַ שוואַרצע קלייד, מיט אַ שוואַרצען שאַרף איבער'ן קאָפּ, מחמת אין צימער איז געווען קאַלט און עס האָט געבלאָזען פֿון אַלע זייטען.

אויף איהר ברוסט איז געווען צוגעשפּילעט אַ צווייגעלע פּאַרים — דער צייכען פֿונ'ם „יונגען איטאַליען". דער יונגער מאַן האָט איהר דערצעהלט וועגען דעם הונגער פֿון די פֿויערים אין קאַלאַבריען; זי איז געזעסען שווייגענדיג, אָנשפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויפ'ן האַנד, און אַראָבלאָזענדיג די אויגען צו דער ערד. אַרטור'ן האָט זי אויסגעוויזען אַ בעשיינפּערליכעס בילד פֿון פֿרייהייט, וואָס טרויערט וועגען דעם אונטערגאַנג פֿון דער רעפּובליק.

אַרטור איז זעהר צופֿריעדען געווען, וואָס ער האָט געטראָפֿען דזשעממען אויף דער פֿערזאַמלונג. זיי האָבען אַ פּאָר מינוט גערעדט.

די לעקציע האָט זיך אָנגעהויבען. זי האָט בעהאַנדעלט די פֿראַגע וועגען אַנ'אידעאַלער רעפּובליק, צו וועלכער די יוגענד האָט זיך געדאַרפֿט פּאָרבערייטען. דער לעקטאָר אַליין האָט געהאַט זעהר ניט קיין קלאָרען בעגריף וועגען דער זאַך, דאָך האָט איהם אַרטור געהערט מיט שטאַרקער פֿרייד.

נאָך דעם ווי עס האָבען זיך געענדיגט די לעקציע מיט די הייסע דעבאַטען, וואָס זי האָט אַרויסגערופֿען, איז ער צוגעגאַנגען צו דזשעממען. זי איז נאָך אַלץ געזעסען שטילערהייד אין עק צימער.

זיי זענען אַרויס אויפ'ן גאַס. אַרטור האָט זיך אָנגעשלאָגען צו בעגלייטען זי אַהיים.

אַ צייט לאַנג זענען זיי געגאַנגען און האָבען געשוויגען. נאָכדעם האָט אַרטור פּלוצלונג אַ פֿרעג געטהאָן: „דיר איז זיבצעהן יאָהר?" „ניט אַזוי?"

— מיר איז געוואָרען זיבצעהן יאָהר אין אָקטאָבער.

— איך האָב שטענדיג געוואוסט, אַז דו וועסט זיין ניט אַזוי ווי אַלע, און וועסט ניט פֿאָהרען אויף קיין בעלער. טייערע דזשעממאַ, איך האָב אַזוי אָפֿט געטראַכט וועגען דעם, צו וועסטו געהערען צו אונזערע?

— איך בין שוין אַייערע! איך העלף איצט אין עפּעס באָללאַ'ן

— דו קענסט איהם גוט? — האָט אַרטור געפֿרעגט און אין זיין שטים האָט זיך געהערט אַביסעל קנאה. צווישען זיי ביידען האָט געהערשט אַ געגנערשאַפֿט בנוגע צו אַנ'אַרבייט, וואָס יעדער פֿון זיי

האָט געוואָלט בעקומען פון קאָמיטעט פונ׳ם „יונגען איטאליען“. די פּארטיי האָט איבערגעגעבען די ארבייט באָללאַן, ווייל זי האָט געהאַלטען ארטור׳ן פאַר צו יונג און ווייניג פּראַקטיש.

— איך קען איהם גוט, און ער געפעלט מיר. ער האָט אַ קורצע צייט געוואוינט ביי אונז אין ליוואָרנאָ, ער האָט דאָרטען אָרגאַניזירט דעם טראַנספּאָרט פון ליטעראַטור און מיר איז אויסגעקומען צו בעהאַלטען זי אויף איין טאָג ביי אונז אין דער היים.

רעדענדיג ווייטער זענען זיי אריבער צו דעם אינהאַלט פון דער לעקציע און האָבען אָנגעהויבען צו דיסקוטירען וועגען דעם, אַז איטאַליען דאַרף מעהר ניט וואַרטען און ליידען, אַז מען מוז אויפשטעהן און פערטיידיגען זיך.

זיי האָבען זיך פאַנאַנדערגעשיידט נעבען דושעממעס וואוינונג. ווען די טהיר האָט זיך פערמאַכט הינטער איהר, האָט ארטור זיך איינגעבויגען און פאָרזיכטיג אויפגעהויבען דאָס צווייגעלע קיפּאַריס, וואָס איז אַראָבגעפאַלען ביי איהר פון ברוסט.

.IV

דערווייל איז געקומען צופאָהרען דער נייער דירעקטאָר פון סעמינאַריום, דער פאָטער קארדי, שוין ניט קיין יונגער גלח, זעהר אַ געבילדעטער, אַ גאַסטפריינדליכער און אַ הנפ׳דיגער מענש. ער פלעגט אַרויסזאָגען זעהר הומאַנע און פּראָגרעסיווע מיינונגען.

מאָנטאַנעללי איז געווען זעהר צופרידען פאַר׳ן אָפּפאָהרען. איהם האָט זיך ניט געוואָלט לאָזען ארטור׳ן אַליין. ער איז געוואָרען אַלץ אומעטיגער. איינמאָל האָט ער גאָר אָפען געזאָגט ארטור׳ן:

— מיין טייערער ארטור, אויב דו פערלאַנגסט, קען איך ניט פאָהרען נאָך רוים. איך בין אונרוהיג צוליב דיך. עס קומען מיר אַרויף פערשידענע געדאַנקען אויף׳ן זינען, און לסוף געפין איך איין, אַז עס איז מיר גאָר ניט אַזאַ נויט אַוועקצופאָהרען.

— און דער אמת פון אַ בישוף?

— אָה, ארטור, צו וואָס האָב איך עס נויטיג? אויב איך וועל געווינען די שטעלע און דערביי פערלירען....

ער האָט זיך אָבגעהאַלטען. ארטור האָט איהם קיין מאָל ניט געזעהען אין אַזאַ לאַגע און איז געוואָרען זעהר אונרוהיג.

— איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן, פּאַדרע, — האָט ער געע-

זאָגט, — איך בעט אייך, ערקלערט מיר דײַטליכער וואָס איהר טראַכט.

— איך טראַכט וועגען קײַן זאַך ניט — אויף מיר איז אָנגעפֿאַלען אַ שרעקליכע מורא. זאָג מיר, צו שטעהט עפּעס יעצט פֿאַר אַ וועלכע עס איז געפֿאַהר?

— „ער האָט זיך עפּעס געמוזט דערווײַסען ניט קײַן גוטע ידיעות“, האָט אַרטור אַ טראַכט געטהאָן, דערמאָהנענדיג זיך אָן די קלאַנגען, אַז מען גרייט זיך צו אַנ׳אויפֿשטאַנד, ער האָט אָבער קײַן רעכט ניט צו רעדען וועגען דעם, אַזאַך וואָס מען האָט איהם ניט אָנגעטרויט.

— וואָס פֿאַר אַ בעזונדערע געפֿאַהר שטעהט עס מיר פֿאָר?

— פֿרעג מיך ניט, ענטפֿער בעסער! — אין מאָנטאַנעלי׳ס קול האָט זיך געהערט אַ שאַרפֿקייט. — זאָג מיר: ביזט דו אין געפֿאַהר? איך וויל ניט וויסען דײַנע סודות, ענטפֿער מיר נאָר אויף דער פֿראַגע.

— אונזער גאַנצעס לעבען איז אין גאָט׳ס האַנד, פּאַדרע! עס קאָן זיך אַלע מאָל עפּעס טרעפֿען. איך ווייס אָבער ניט, פֿאַר וואָס זאָלט איהר מיך ניט געפֿינען אַ לעבעדיגען און אַ געזונדטען בשעת איהר וועט קומען צוריק אַהער.

— הער זיך איין, מײַן זוהן. בעשליס דו אַליין די פֿראַגע, איך לאָז עס דיר איבער. איך בעט בײַ דיר ניט קײַן ערקלערונגען, זאָג מיר נאָר איין זאַך: בלײַבט! און איך זאָג זיך אָב פֿון דער נסיעה. דאָס וועט קיינעם קײַן שאָדען ניט ברײַנגען, איך וועל אָבער זיכער זײַן, אַז דו געפֿינסט זיך ניט אין אַזאַ געפֿאַהר, האָבענדיג מיך בײַ דער האַנד.

מאָנטאַנעלי האָט ניט געהאַט די נאַטור צו רעדען גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן. אַרטור האָט דעריבער געקוקט אויף איהם אַ צורודערטער.

— פּאַדרע, איך בין זיכער, אַז איהר זײַט ניט געזונד. איהר מוזט דורכאויס אַוועקפֿאָהרען נאָך רוים, זיך גוט אויסרוהען כדי פּטור צו ווערען פֿון די קאָפּשמערצען און פֿון דער שלאָפֿלאָזיגקייט.

— גוט, — האָט איהם מאָנטאַנעלי איבערגעהאַקט, אַזוי ווי ער וואָלט פֿערמאַטערט געוואָרען פֿון די רייד. — איך פֿאָהר אָב מאָרגען מיט דעם ערשטען פּאָסט־וואָגען.

אַרטור האָט פֿערוואונדערט געקוקט אויף איהם. מאָנטאַנעלי׳ס בליק איז געווען טריעב און אָהן לעבען.

— איהר האָט מיר עפּעס געוואָלט זאָגען? האָט אַרטור געפֿרעגט.

— ניין, ניין, גאָרניט...

אויפ'ן גלח'ס פּנים איז פֿערבליבּען דער אויסדרוק פֿון שרעק, אימה, און אייז־קעלט. אויף מאָרגען איז ער אַוועקגעפֿאָהרען...

אין איינינע טעג אַרום איז אַרטור אַריין אין דער סעמינאַרישער ביבליאָטעק נאָך אַ בּוך און האָט זיך דאָרט געטראָפֿען מיט דעם פֿאָטער קאַרדי.

קאַרדי איז זיך מיט איהם זעהר העפֿליך און צערטליך בּעגאַנגען. ער האָט אַפֿילו גערעדט מיט אַרטור'ן וועגען וויסענשאַפֿט און בּיכער, און צום סוף האָט ער איהם איינגעלאַדען צו זיך צו אָבענדבּרויט. בּיים אָבענד־בּרויט האָט דער פֿאָטער קאַרדי געפֿרעגט בּיי אַרטור'ן מכּה אַ סך זאַכען. בּעת ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אַרטור האָט נאָך ערשט מיט אַ יאָהר צוריק פֿערלאָרען זיין מוטער, האָט ער אַרויסגעוויזען צו איהם גרויס מיטלייד. ענדליך האָט ער געפֿרעגט: „יע, צו האָט איהר זיך אויסגעקליבּען אַ גייסטליכען פֿאַטער אויף דער צייט, וואָס מאָנטאַנעלי איז אַוועקגעפֿאָהרען?“

אַרטור האָט איהם געענטפֿערט, אַז ער רעכענט צו געהן צו איינעם פֿון די גלחים פֿון דער הייליגער יעקאַטערינע'ס געמיינדע.

— ווילט איהר אפשר מתודה זיין זיך בּיי מיר?

אַרטור האָט פֿערוואונדערט אויסגעשטעלט די אויגען.

— געעהרטער פֿאָטער, געוויס, איך וואָלט זעהר... נור...

— נור פֿאַר אַ סעמינאַריום־דירעקטאָר זענען זיך געוועהנליך ניט מתודה קיין וועלטליכע מענשען? ווילט איהר זאָגען. ס'איז ריכטיג. איך וואָלט אייך אָבער וועלען אין וואָס עס איז דינען, איך מוז עס אָפֿען זאָגען, מיין זוהן, איהר געפֿעלט מיר זעהר.

— יאָ, איהר זייט אַזוי גוטהערציג... ס'פֿערשטעהט זיך, אַז איך וועל אייך זעהר דאַנקבּאַר זיין פֿאַר אייער זאָרגען וועגען מיר!

— נו, טאָ קומט צו מיר מתודה זיין זיך אין קינפֿטיגען מאָנאַט, — גוט, מיין זוהן? און טאָמער וועט איהר האָבּען אַמאָל פֿרייע צייט אין אָבענד, קומט אַריין צו מיר.

---

רעכט ערבֿ פּסח איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז מאָנטאַנעלי איז געוואָרען בּיסקופּ. ער האָט געשריבּען אַרטור'ן אין אַרוהיגען און מונטערן טאָן. ער האָט צוגעזאָגט אונטערצופֿאָהרען אָפֿט אין פּיזאַ און האָט איינגעלאַדען אַרטור'ן צו זיך אויף די פֿעריען־צייט.

אַרטור איז דערווײַל געווען צופֿרידען פֿון די געהײמע ידיעות, וועלכע די סטודענטען פֿון אוניווערזיטעט האָבען איבערגעגעבען. אויך נאָך פּסח האָבען אַלע ערוואַרטעט ערנסטע געשעהעניששען.

אַ קורצע צײַט פֿאַר פּסח האָט דאָקטאָר וואַרענס, דזשעממע'ס פֿאָטער, אײַנגעלאַדען אַרטור'ן צו זיך אויף יום־טוב. אין בריעף איז געווען אַרײַנגעלעגט אַ קורצער צעטעלע, אָנגעשריבען מיט דזשעממע'ס קינדערשער האַנדשריפֿט. זי האָט אויך געבעטען אַרטור'ן ער זאָל קומען צופֿאָהרען זיך דורכרעדען וועגען עפּעס. אַרטור האָט אין יענער צײַט געפֿאַסט. ער האָט זעהר געוואָלט זעהען דזשעממע'ן, נור ער האָט מורא געהאַט, אַז די שמחה פֿון דער בעגעגניש מיט איהר, זאָל איהם ניט שטערען אין זײַנע רעליגיעזע רעיונות, פֿון וועלכע מען דאַרף זיך ניט אויסטהאָן אין אַזעלכע טעג.

ער האָט געענטפֿערט דזשעממע'ן, אַז ער וועט קומען צופֿאָהרען אויף פּסח און איז אַוועק צו זיך אין צימער מיט אַ רוהיגער נשמה.

ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע נעבען צלם. דער פֿאָטער קאַרדי האָט איהם צוגעזאָגט מאָרגען צוצונעהמען און צו דיזעם לעצטען ודוי האָט זיך איהם געוואָלט צוגרײַטען דורך אַ לאַנגע און פֿלײַסיגע תּפֿילה. שטעהענדיג אויף די קניע האָט ער אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און האָט איבערגערעכענט אַלע זײַנע קלײנע עבירות: אונגעדולדיגקײַט, אָבגעלאָזענקײַט און אויפֿגערעגטקײַט... אַלץ פֿלעקען אויף זײַן אונזינדיגער נשמה. מעהר האָט ער זיך וועגען קײן זאַך ניט געקענט דערמאָהנען. ער איז אין דעם מאָנאַט צו גליקליך געווען, ער האָט ניט געקענט דעריבער פֿיעל זינדיגען. ער האָט זיך איבערגעצלמ'ט און אָנגעהויבען זיך אויסצוטהאָן. אין דער זעלבער צײַט איז אַראָבגעפֿאַלען אויף דער ערד דזשעממע'ס צעטעלע, וועלכען ער האָט געהיט בײַ זיך אויף דער ברוסט. ער האָט אויפֿגעהויבען, דעם צעטעל וואָס איז איהם געווען אַזוי טײַער, האָט איהם אַ קוש געטהאָן, און האָט מיט אַמאָל בעמערקט אַז אויף זײַן לינקער זײַט איז צוגעשריבען נאָך עפּעס, וואָס ער האָט פֿריהער ניט בעמערקט. דזשעממע האָט געשריבען: זעה צו קומען וואָס גיכער, איך וויל, דו זאָלסט זיך טרעפֿען מיט באָללין. אַרטור איז רויט געוואָרען, איבערלעזענדיג די שורות: ווידער באָללאַ? וואָס פֿאַר אַ געשעפֿטען האָט ער דאָס מיט דזשעממע'ן. צו האָט ער איהר בעצויבערט מיט זײַנע קאָנטראַבאַנדע עסקים. עס איז שוין לאַנג קלאָר, אַז ער איז אין איהר פֿערליעבט. אָט צוליב וואָס ער אַגיטירט זי אַזוי אײפֿריג: ער זעהט זיך איצט מיט איהר יעדען טאָג. אַרטור האָט פּלוצלונג

אַוואָרף געטהאָן דעם בריעף און האָט זיך ווידער געשטעלט אויף די קניע נעבען צלם. ער האָט זיך פערשעמט פאַר זיך אַליין, אַז אַזעלכע נידריגע געדאַנקען קומען איהם אַרויף אויפ'ן זינען וועגען אַ חבר, און נאָך וועןּ? ווען ער דאַרף זיך פערנעהמען מיט גאָט, מיט זיך אַליין, מיט אַלעמען אַרום זיך, כדי מתודה צו זיין זיך מיט אַלע נויטיגע הכנות: ער האָט פערדעקט דאָס געזיכט מיט די הענד, שטאַרק הרטה האָבענדיג פאַר זיין פערדעכטיגקייט און אייפערזוכט.

ווען ער איז אויף מאָרגען געקומען צום פּאָטער קאַרדי, האָט ער אָנגעהויבען אויסצודריקען שטאַרק זיין הרטה פאַר זיינע זינדיגע געדאַנקען פון דער פערגאַנגענער נאַכט.

— פּאָטער, איך בעשולדיג מיך אין אייפערזוכט און קנאה.

דער פּאָטער קאַרדי האָט גיט געוואוסט, וואָס פאַר אַ מין זינדיגער עס שטעהט פאַר איהם. ער האָט ניר וויך געענטפערט:

— איהר האָט מיר ניט אַלץ געזאָגט, מיין זוהן!

דאָ האָט איהם אַרטור געמיזט דערצעהלען, אַז ער האָט מקנא געווען אַ מענשען, מיט וועלכען ער איז פערבונדען דורך ליע־בע און אַכטונג.

דער גלח האָט געפרעגט:

— ווייט איהר פערבונדען מיט איהם אַלס קרובים?

— נאָך נעהענטער.

— ההיינו?

— אַלס חברים.

— אין וואָס איז אייער חבר'שאַפט?

— אין אַ גרויסער און הייליגער זאַך.

אויף אַ וויילע איז שטיל געוואָרען.

— מיין זוהן! — האָט קאַרדי געזאָגט מיט אַנ'ערנסטען טאָן:

— איהר האָט מיר ניט אַלץ געזאָגט, אויף אייער נשמה ליגט נאָך אַנ'עבירה.

— פּאָטער, איך... ער האָט זיך אָבגעהאַלטען. דער גלח האָט געשוויגען.

— איך האָב איהם מקנא געווען, ווייל די פּאַרטיי „דאָס יונגע איטאַליען", צו וועלכער איך געהער...

— נו?.. האָט זיך דערפרעגט דער גלח.

— האָט איהם איבערגעגעבען אַ זאַך, וואָס איך האָב געהאָפט, אַז מען וועט עס מיר איבערגעבען צו ערפילען... ווייל איך האָב גערעכענט, אַז איך בין בעזונדערס פעהיג דערצו...

— וואָס פאַר אַ זאַך?

— צונעהמען אונלעגאַלע ביכער פֿון די שיפֿען, וועלכע זיי ברענגען צופֿיהרען, און בעהאַלטען זיי אין שטאָדט.

— און אָט די זאַך האָט אייער פּאַרטיי איבערגעגעבען אייער קאָנקורענט? — האָט זיך אַלץ נאָכגעקוקט דער גלח.

— יאָ, באָללין. און איך האָב איהם מקנא געווען.

— נו, און ווי האָט ער זיך בעציעגען צו דעם אויפֿטראַג, וואָס מען האָט אויף איהם אַרויפֿגעלעגט? בעשולדיגט איהר איהם ניט, אַז ער האָט דאָס ערפֿילט ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין?

— ניין, פּאָטער, ער האָט געאַרבייט דרייסט און איבערגעגעבען. ער איז אַנ'אמת'ער פּאַטריאָט. ער פֿערדינט בלויז אַכטונג.

דער פּאָטער קאַרדי האָט זיך פֿערטראַכט, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— מיין זוהן! אויב איהר ווילט פֿערגרינגערן די ליידען פֿון די אונטערדריקטע, טאָ זעהט בעפֿרייט אייער נשמה פֿון קנאה. אייער בערוף איז גלייך צו דעם בערוף פֿון אַ גייסטליכען. ער בעשטעהט אין דינען „גאָט און דעם פֿאָלק היינט און אייביג!"

— אַ! — אַרטור האָט אַ מאַך געטהאָן מיט די הענד פֿון פֿערוואונדערונג. ער האָט זיך שיער ניט פֿאַנאַנדערגעוויינט, אַז ער האָט דערהערט דעם לאָזונג פֿון „דעם יונגען איטאַליען".

— פּאָטער! איהר גיט אונז דאָס זעגען פֿון דער קירכע? איז קריסטוס מיט אונז?

— מיין זוהן! — האָט פֿייערליך געענטפֿערט דער גלח. — קריסטוס האָט פֿערטריבען די פֿערקויפֿער פֿון בית־המקדש, ווייל זיין הויז דאַרף זיין אַ בית־תפֿילה, און זיי האָבען איהם געמאַכט פֿאַר אַנ'אָרט פֿאַר גנבים.

נאָך אַ לאַנגען שווייגען האָט אַרטור דערנאָך מיט אַ ציטערדיגען קול אַרויסגעשעפּטשעט:

— אין איטאַליען וועט זיין דיין בית־המקדש, ווען זיי וועלען אַרויסגעטריבען ווערען.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט דערהערט אַ שטילען ענטפֿער:

— די ערד און אַלץ אויף דער ערד — זענען מיינע, האָט גאָט געזאָגט.

## V.

אין דעם טאָג האָט זיך אַרטור'ן שטאַרק פֿערוואָלט מאַכען אַ לאַנגען שפּאַצירגאַנג. ער איז אַוועק צו פֿוס אין ליוואָרנאָ.

וואו עס האָט געוואוינט זיין ברודער. אונטערוועגס האָט ער זיך געסטאַרעט צו טראַכטען נור וועגען רעליגיעזע זאַכען, ווי עס פּאַסט פאַר די גרויסע טעג פון דער לעצטער וואָך פאַר פסח.

אָבער די געדאַנקען וועגען מ אָ נ ט אַ נ עֶ ל י און ד ז ש עֶ מ־מ אַ האָבען זיך ביי איהם מאָדנע צונויפגעפלאָכטען. מ אָ נ ט אַ נ עֶ ל י און ד ז ש עֶ מ מ אַ זענען געווען זיינע געטער, פאַר וועלכע ער האָט זיך געבוקט און פאַר וועלכע ער האָט גרויס אָבשיי געהאַט. ער האָט געטראַכט וועגען דעם, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע זיי קענען שפּילען אין דעם גורל פון זיין פאָטערלאַנד, פון דעם גאַנצען איטאַליענישען פאָלק. פּ אַ ד ר עֶ מוז ווערען אַנאָנפירער, אַנאַפּאָסטאָל, אַ נביא. אַלע פינסטערע כוחות דאַרפען אָפּטרעטען פאַר איהם; די נייע בעשיצער פון דער פרייהייט וועלען נעמען זיינע פּיס דערמאָנען זיך אָן די אַלטע אמת׳ע רעד פון יעוואַנגעליום אין זייער נייער, אונ־ערוואַרטעטער בעדייטונג.

און ד ז ש עֶ מ מ אַ? אָ, זי איז אַ געבאָרענע העלדין. זי וועט זיין אַ געטרייער חבר, אַ דרייסט און ריין מיידעל. צוזאַמען מיט איהם וועט זי אַרבייטען פאַר זייער היימאַט, און זיי וועלען שטאַרבען צוזאַמען, פיליייכט, אין דעם מאָמענט פון זיין זיעג. און זיין זיעג מוז אונבעדינגט קומען. גאָט און א י ט אַ ל י עֶ ן!

אונערוואַרטעט האָט אָנגעהויבען צו קאַפּען אַ רעגען, בשעת ער איז אַריין אין זיין ברודער׳ס פּרעכטיגען הויז. דאָרט האָט איהם בעגעגענט די אויסגעפּוצטע, אָנגעבלאָזענע י ו ל י עֶ. זי האָט איהם קאַלט און העפליך בעגריסט. אַ ר ט ו ר האָט ניט געוואוסט וועגען וואָס צו רעדען מיט דער דאָזיגער דאַמע מיט׳ן הילצערנעם שמייכעל אויפ׳ן געזיכט. איהם איז דעריבער אַראָב אַ שטיין פון האַרצען, ווען מען האָט דערלאַנגט צו מיטאָג. ער האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

— איך וויל היינט ניט עסען. איך וועל אַוועקגעהן צו זיך.

— דו היטסט צו שטרענג אָב דעם תענית! האָט זיך אָבגעשופען אַ ר ט ו ר׳ס ברודער, ט אָ מ אַ ס. איך בין זיכער, אַז די וועסט נאָך קראַנק ווערען.

— אָה, ניין! גוטע נאַכט!

אַ ר ט ו ר איז אַוועק צו זיך אין צימער. דאָס איז געווען זיין געליבטער מוטער׳ס צימער, דאָ האָט זי געלעבט, געקרענקט און געשטאָרבען. אין ווינקעל איז געשטאַנען אַ גרויסער צלם, און פאַר איהם אַ קליין לעמפּעלע. אויפ׳ן טיש איז געשטאַנען אַ וואַזע מיט אַ פרישען פיילכענבוקעט, וועלכען זי האָט שטאַרק געליבט. עס

איז געווען אַקוראַט יאָהרצייט נאָך איהר און די איטאַליעניִשע דיע־
גער האָבען עס ניט פֿערגעסען.

אַרטור האָט אָנגעזאָגט מען זאָל איהם פֿריה אויפֿוועקען,
ער האָט זיך אַ נייג געטהאָן צום צלם, און האָט זיך געלעגט שלאָ־
פֿען אין אַ רוהיגער און פֿריעדליכער שטימונג.

ער האָט שטאַרק געשלאָפֿען, ווען עס האָט זיך דערהערט אַ־
אונגעדולדיגער האַסטיגער קלאַפּ אין טיר.

— סיניאָרינא, סיניאָרינאַ! — האָט גערופֿען אַ דערשראָקענע
שטים פֿון אַ מאַנספּערזאָן. — שטעהט אויף, אום גאָטעס ווילען!

— וואָס איז געשעהען? ווער איז דאָ?

— דאָס בין איך, אייער אַלטער דיענער! שטעהט־זשע גיכער
אויף, איך בעט אייך, ווי גאָט איז אייך ליעב!

אַרטור האָט אויף זיך גיך אַרויפֿגעכאַפּט די קליידער און
האָט געעפֿענט די טיהר. אין קאָרידאָר האָבען זיך דערהערט שווע־
רע טריט און אַ קלינגעריי. אַרטור האָט פֿערשטאַנען, אַז דאָס
זענען זשאַנדאַרמען.

— נאָך מיר? — האָט ער קאַלט געפֿרעגט.

— נאָך אייך, סיניאָרינאָ! אײלט זיך! וואָס דאַרפֿט איהר בע־
האַלטען?.. קוקט זיך איין! איך קען...

— איך האָב ניט וואָס צו בעהאַלטען.

עס האָט זיך בעוויזען דער ערשטער מונדיר אין קאָרידאָר.
אַרטור איז אַרוים די זשאַנדאַרמען ענטקעגען.

זיי זענען געגאַנגען, קלינגענדיג מיט דעם געוועהר; אַ גאַנצע
מחנה דיענער אין פֿערשיעדענאַרטיגע צופֿעליגע קאָסטיומען האָבען
זיי בעגלייט.

ווען די סאָלדאַטען האָבען אַרומגערינגעלט אַרטורן, האָבען
זיך צום סוף פֿון דיזען מאָדנעם צוג בעוויזען דער בעל־הבית מיט
דער בעל־הבית'טע. ער — אין אַ שלאָפֿראָק און אין פּאַנטאָפֿעל, זי —
אין אַ לאַנגען קאַפּאָט און די האָר אין צעפּלעך! „עס קומט אָן דער
צווייטער מבול, און זיי געהען פּאָרווייז אין תּיבה. אָט קומען אָן
אַלץ נעהענטער אַ פּאָר מאָדנע חיות". די וועלטער זענען אַרויף אַר־
טורן אויפֿ'ן געדאַנק, ווען ער האָט געקוקט אויף די לעכערליכע,
מאָדנע פֿיגורען. אַרטור האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען פֿון לאַ־
כען, און זיך געסטאַרעט מעהר ניט צו קוקען אויף יולי'ע'ס צעפּלעך.

דער בעל־הבית האָט געפֿאָדערט, מען זאָל איהם בעווייזען די
פֿעראָרדנונג וועגען אַרעסט. דער זשאַנדאַרמען־אָפֿיציער האָט איהם
דערלאַנגט אַ פּאַפּיער, אויף וועלכען עס איז געווען אָנגעשריבען

וואו עס האָט געוואוינט זיין ברודער. אונטערוועגס האָט ער זיך געסטאַרעט צו טראַכטען נור וועגען רעליגיעזע זאַכען, ווי עס פּאַסט פאַר די גרויסע טעג פון דער לעצטער וואָך פאַר פסח.

אָבער די געדאַנקען וועגען מאָנטאַנעלי און דזשעממאַ האָבען זיך ביי איהם מאָדנע צונויפגעפלאָכטען. מאָנטאַנעלי און דזשעממא זענען געווען זיינע געטער, פאַר וועלכע ער האָט זיך געבוקט און פאַר וועלכע ער האָט נדרים אָבשיי געהאַט. ער האָט געטראַכט וועגען דעם, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע זיי קענען שפּילען אין דעם גורל פון זיין פאָטערלאַנד, פון דעם גאַנצען איטאַליענישען פאָלק. פּאַדרע מוז ווערען אַנאָנפיהרער, אַנאַפּאָסטאָל, אַ נביא. אַלע פינסטערע כוחות דאַרפען אָבטרעטען פאַר איהם; די נייע בעשיצער פון דער פרייהייט וועלען נעבען זיינע פיס דערמאָנען זיך אָן די אַלטע אמת'ע רעד פון יעוואַנגעליום אין זייער נייער, אונ־ערוואַרטעטער בעדייטונג.

און דזשעממאַ? אָ, זי איז אַ געבאָרענע העלדין. זי וועט זיין אַ געטרייער חבר, אַ דרייסט און ריין מיידעל. צוזאַמען מיט איהם וועט זי אַרבייטען פאַר זייער היימאַט, און זיי וועלען שטאַרבען צוזאַמען, פיללייכט, אין דעם מאָמענט פון זיין זיעג. און זיין זיעג מוז אונבעדינגט קומען. גאָט און איטאַליען!

אונטערוועגס האָט אָנגעהויבען צו קאַפּען אַ רעגען, בשעת ער איז אַריין אין זיין ברודער'ס פּרעכטיגען הויז. דאָרט האָט איהם בעגעגענט די אויסגעפוצטע, אָנגעבלאָזענע יוליע. זי האָט איהם קאַלט און העפליך בעגריסט. אַרטור האָט ניט געוואוסט וועגען וואָס צו רעדען מיט דעה דאָזיגער דאַמע מיט'ן הילצערנעם שמייכעל אויפ'ן געזיכט. איהם איז דעריבער אַראָב אַ שטיין פון האַרצען, ווען מען האָט דערלאַנגט צו מיטאָג. ער האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

— איך וויל היינט ניט עסען. איך וועל אַוועקגעהן צו זיך.

— דו היטסט צו שטרענג אָב דעם תענית! האָט זיך אָבגעה־רופען אַרטור'ס ברודער, טאָמאַס. איך בין זיכער, אַז דו וועסט נאָך קראַנק ווערען.

— אָה, ניין! גוטע נאַכט!

אַרטור איז אַוועק צו זיך אין צימער. דאָס איז געווען זיין געליבטער מוטער'ס צימער, דאָ האָט זי געלעבט, געקרענקט און געשטאָרבען. אין ווינקעל איז געשטאַנען אַ גרויסער צלם, און פאַר איהם אַ קליין לעמפּעלע. אויפ'ן טיש איז געשטאַנען אַ וואַזע מיט אַ פרישען פיילכענבוקעט, וועלכען זי האָט שטאַרק געליעבט. עס

אִיז גֶעווֶען אַקוּראַט יאָהרצַייט נאָך אִיהר און דִי אִיטאַליֶענִישֶע דִיעגֶער האָבֶּען עֶס נִיט פֶערגֶעסֶען.

אַ ר ט וּ ר האָט אָנגֶעזאָגט מֶען זאָל אִיהם פְּרִיה אוֹיפוועקֶען, עֶר האָט זִיך אַ נִייג גֶעטהאָן צוּם צלם, און האָט זִיך גֶעלֶעגט שלאָפֶען אִין אַ רוּהִיגֶער און פְרִיעדלִיכֶער שטִימוּנג.

עֶר האָט שטאַרק גֶעשלאָפֶען, ווען עֶס האָט זִיך דֶערהֶערט אַן אוּנגֶעדוּלדִיגֶער האַסטִיגֶער קלאַפּ אִין טִיר.

— סִינִיאָרִינא, סִינִיאָרִינאָ! — האָט גֶערוּפֶען אַ דֶערשראָקֶענֶע שטִים פוּן אַ מאַנספֶערזאָן. — שטֶעהט אוֹיף, אוּם גאָטֶעס ווִילֶען!

— וואָס אִיז גֶעשֶעהֶען? ווער אִיז דאָ?

— דאָס בִּין אִיך, אַייֶער אַלטֶער דִיענֶער! שטֶעהט־זשֶע גִיכֶער אוֹיף, אִיך בֶּעט אַייך, ווִי גאָט אִיז אַייך לִיעבּ!

אַ ר ט וּ ר האָט אוֹיף זִיך גִיך אַרוֹיפגֶעכאַפּט דִי קלֵיידֶער און האָט גֶעעֶפֶענט דִי טִיהר. אִין קאָרִידאָר האָבֶּען זִיך דֶערהֶערט שווֶערֶע טרִיט און אַ קלִינגֶערַיי. אַ ר ט וּ ר האָט פֶערשטאַנֶען, אַז דאָס זֶענֶען זשאַנדאַרמֶען.

— נאָך מִיר? — האָט עֶר קאַלט גֶעפְרֶעגט.

— נאָך אַייך, סִינִיאָרִינאָ! אַיילט זִיך! וואָס דאַרפְט אִיהר בֶּעהאַלטֶען?.. קוּקט זִיך אַיין! אִיך קֶען...

— אִיך האָבּ נִיט וואָס צוּ בֶּעהאַלטֶען.

עֶס האָט זִיך בֶּעווִיזֶען דֶער עֶרשטֶער מוּנדִיר אִין קאָרִידאָר. אַ ר ט וּ ר אִיז אַרוֹיס דִי זשאַנדאַרמֶען עֶנטקֶעגֶען.

זֵייא זֶענֶען גֶעגאַנגֶען, קלִינגֶענדִיג מִיט דֶעם גֶעווֶעהר; אַ גאַנצֶע מחנה דִיענֶער אִין פֶערשִידֶענאַרטִיגֶע צוּפֶעלִיגֶע קאָסטיוּמֶען האָבֶּען זֵייא בֶּעגלֵייט.

ווען דִי סאָלדאַטֶען האָבֶּען אַרוּמגֶערִינגֶעלט אַ ר ט וּ ר'ן, האָבֶּען זִיך צוּם סוֹף פוּן דִיזֶען מאָדנֶעם צוּג בֶּעווִיזֶען דֶער בעל־הבית מִיט דֶער בעל־הבית'טֶע. עֶר — אִין אַ שלאָפְראָק און אִין פאַנטאָפֶעל, זִי — אִין אַ לאַנגֶען קאַפּאָט און דִי האָר אִין צֶעפּלֶעך! „עֶס קוּמט אָן דֶער צווֵייטֶער מבול, און זֵייא גֶעהֶען פּאָרווַייז אִין תיבה. אָט קוּמֶען אָן אַלץ נֶעהֶענטֶער אַ פּאָר מאָדנֶע חיות“. דִי ווערטֶער זֶענֶען אַהִיף אַ ר ט וּ ר'ן אוֹיפ'ן גֶעדאַנק, ווען עֶר האָט גֶעקוּקט אוֹיף דִי לֶעכֶערלִיכֶע, מאָדנֶע פִיגוּרֶען. אַ ר ט וּ ר האָט זִיך נִיט גֶעקֶענט אַיינהאַלטֶען פוּן לאַכֶען, און זִיך גֶעסטאַרֶעט מֶעהר נִיט צוּ קוּקֶען אוֹיף י וּ ל יָ עֶ'ס צֶעפּלֶעך.

דֶער בעל־הבית האָט גֶעפָאָדֶערט, מֶען זאָל אִיהם בֶּעווַייזֶען דִי פֶעראָרדנוּנג ווֶעגֶען אַרֶעסט. דֶער זשאַנדאַרמֶען־אָפִיצִיער האָט אִיהם דֶערלאַנגט אַ פּאַפִּיער, אוֹיף ווֶעלכֶען עֶס אִיז גֶעווֶען אָנגֶעשרִיבֶּען

דער בעפעהל צו אַרעסטירען אַרטור בערטאָן, דעם סטודענט פון פילאָזאָפיע. יוליע האָט אַ כאָפּ געטהאָן דאָס פאַפּיער, איז עס געשווינד דורכגעלאָפען מיט די אויגען און איז אָנגעפאַלען מיט אַ כעס אויף אַרטורן.

— דו האָסט עס אַרויפגעװאָרפען אַ שאַנדפלעק אויף אונזער משפחה! זיך דערדיענט טורמע מיט דיין גאַנצער פרומקייט! — האָט זי געקריצט מיט די צעהנער.

— מאַדאַם, עס איז ניט ערלויבט צו רעדען מיט אַן'אַרעסטיר־טען אויף אַ פרעמדער שפראַך! האָט איהר אָבגעהאַקט דער אָפּי־ציער. זיינע ווערטער האָבען זיך אָבער קוים געהערט אין דעם ים ענגלישע זידלערייען, וואָס יוליע האָט געוואָרפען אויף אַרטור'ס קאָפּ.

— אַזוי האָט מען עס געדאַרפט ערוואַרטען! תעניתים, תפילות, הייליגע מחשבות — און אָט וואָס היינטער דעם איז געווען פערמאַס־קירט! אַרטור האָט געוואָלט איינשטילען זיין צובושעווטעטע קרובה און האָט זיך געווענדט צו די זשאַנדאַרמען: „איך גלויב, מיינע הערען, אַז איהר וועט וועלען בעקוקען מיינע זאַכען?“

די זשאַנדאַרמען האָבען אָנגעהויבען אַרומצושנאָרען אין צימער, לייענען אַרטור'ס בריעף, דורכקוקען זיינע פאַפּיערען און צעטעלעך, פאַנאַנדערעפענען די קערב און די קעסטלעך. אַרטור איז געזעסען עטוואָס צוטראָגען אויפ'ן בעט, אָבער ער האָט זיך ניט פערלאָרען. די אונטערזוכונג האָט איהם וועניג וואָס בעאונרוהיגט. פערדעכטיגע בריעף פלעגט ער שטענדיג פערברענען, און אויסער צוויי, דריי האַלב־רעוואָלוציאָנערע, פאַר דער רעגירונג אונאַנגענעהמע ליעדער און דריי נומערן פון „דאָס יונגע איטאַליען“ האָבען די זשאַנדאַרמען גאָרנישט געפונען אַזוינס, וואָס זאָל זיי בעלוינען פאַר זייער אַרבייט און מיה. צום סוף האָבען די זשאַנדאַרמען געענדיגט די אונטערזוכונג און האָט איז געווען שווער צו זעגנען זיך מיט זיין מוטער'ס צימער ביי דער בען געבעטען אַרטורן אָנטהאָן דעם מאַנטעל און געהן מיט זיי. אַרטור האָט געפאָלגט און האָט שוין געהאַלטען ביים אַרויסגעהן פון צימער; ער האָט זיך אָבער אָבגעשטעלט אונענטשלאָסען. איהם פאָליציי אויף די אויגען.

— קען איך בלייבען איין אויגענבליק אַליין אין צימער? איהר זעהט דאָך, איך קען ניט אַנטלויפען און איך האָב ניט וואָס צו בעהאַלטען.

— עס טהוט מיר לייד, עס איז אָבער פערבאָטען איבערצו־לאָזען אַרעסטירטע אַליין.

— נו, איז אַליך איינס!

ער איז צוגעגאַנגען צום צלם, האָט איהם אַ קוש געטהאָן און האָט געזאָגט שטילערהייד: „גאָט מיינער! גיב מיר כּוח אויסצוהאַלטען ביזן סוף!“

בשעת ער האָט זיך אויפגעהויבען איז דער אָפּיציער געשטאַנען ביים טיש און בעטראַכט מאָנטאַנעלי'ס בילד.

— דאָס איז אייער אַ קרוב?

ניין, דאָס איז מיין ערציהער, דער נייער בּיסקופּ פון בּריזיגעלי.

אויף די טרעפּ האָבען די איטאַליענישע דינער, אומעטיגע און צוטראָגענע, געוואַרט אויף אַרטור'ן. אַלע האָבען איהם ליעב געהאַט, ווי זיי האָבען פריהער געליעבט זיין מוטער, און איצט האָבען זיי זיך געשפּאַרט אַרום איהם, קושענדיג זיינע הענד און זיינע קליידער. דער אַלטער דינער איז אויך געשטאַנען דערביי און טרערען האָבען בענעצט זיינע גראָהע וואָנסען. פון די קרובים איז קיינער ניט געקומען זעגענען זיך. זייער קאַלטקייט האָט נאָך מעהר אונטערגעשטריכען די איבערגעבענהייט און צערטליכקייט פון די דינער. אַרטור'ן האָט דאָס זעהר גערירט, און ער האָט שטאַרק געדריקט די גראָבע הענד, וואָס זענען געווען צו איהם אויסגעצויגען.

— זיי געזונד, באַטיסטאַ! טהו אַ קוש דיינע קינדער פאַר מיר! זייט געזונד! בעט גאָט פאַר מיר. זאָל ער אייך בעשיצען. זייט געזונד! זייט געזונד!

ער איז געשווינד אַראָבגעלאָפען פון די טרעפּ צום אַרויסגאַנג. אין אַ מינוט אַרום זענען געבליבען מיר שטעהן אַ קופּקעלע שוויינענדיגע מאַנסבּיל און וויינענדע פרויען, וועלכע האָבען געקוקט אויף די אַוועקגעפאָהרענע.

## VI.

אַרטור איז אַריינגעזעצט געוואָרען אין אַ גרויסער מיטעלאַלטערליכער פעסטונג. דאָס לעבען אין טורמע, לויט איהם איז אויסגעקומען, איז געווען צו פערליידען, הגם אין זיין קאַמער איז געווען פייכט, דושנע און פינסטער. די פערשטיקטע לופט, די מייז, דער שווערער ריח האָבען איהם וועניג וואָס גענאַרט. דאָס עסען איז געווען ניט געשמאַק און שלעכט, מען האָט איהם אָבער אָנגעהויבען צו שיקען שפּייז פון דער היים. אַרטור איז געזעסען אין אַ בעזונדער קאַמער, און האָט אַ לאַנגע צייט ניט געקענט דערגעהן פאַר וואָס מען האָט איהם אַרעסטירט.

איינמאָל פֿון דער פֿריה האָט אַ סאָלדאַט געעפֿענט די טיר פֿון זיין קאַמער און געזאָגט:

— זייט אַזוי גוט!

אַרטור איז געגאַנגען מיט זיין בעגלייטער דורך לאַנגע דונקעלע שטינקענדע קאָרידאָרען. מען האָט איהם אַריינגעפֿיהרט אין אַ גרויסען, ליכטיגען צימער. דאָרטען זענען געזעסען דריי מענשען אין מיליטערישע מונדירען. דער עלטעסטער צווישען זיי, אַ גראָהליכער פּאָלקאָווניק, עלעגאַנט געקליידעט, האָט אָנגעוויזען אַרטור'ן אויף אַ שטוהל און אָנגעהויבען די אויספֿאָרשונג.

צום אָנהויב האָט ער ביי איהם געפֿרעגט וועגען זיין נאָמען, זיין עלטער, זיין נאַציאָנאַליטעט און האָט די תּשובֿות פֿערשריבען. אַרטור'ן איז געוואָרען שרעקליך אומעטיג פֿון דער גאַנצער פּראָצעדור. נאָך פּלוצלונג האָט איהם דער פּאָלקאָווניק אַ פֿרעג געטהאָן:

— איצט זאָגט מיר, וואָס ווייסט איהר וועגען „דעם יונגען איטאַליען"?

— איך ווייס, אַז די געזעלשאַפֿט גיט אַרויס אַ ציַיטונג און פֿערשפּרייט איהם אין איטאַליען, מיט דעם צוועק אַרויסצורופֿען די בעפֿעלקערונג אויף אַנ'אויפֿשטאַנד און צו פֿערטרייבען די עסטרייכישע סאָלדאַטען פֿון לאַנד.

— איהר האָט געלייענט די ציַיטונג?

— געוויס, מיך אינטערעסירט די פֿראַגע.

— וואו האָט איהר גענומען די נומערן, וועלכע מען האָט געפֿונען אין אייער צימער?

— דאָס קען איך אייך ניט זאָגען.

— מען טאָר ניט ענטפֿערן: „איך קען ניט זאָגען", — איהר זייט מחויב צו ענטפֿערן.

— איך וויל ניט זאָגען, אויב איהר ערלויבט ניט צו זאָגען: „איך קען ניט".

— איהר וועט חרטה האָבען, וואָס איהר רעדט מיט מיר אויף אַזאַ אופֿן — האָט זיך דער פּאָלקאָווניק צוהיצט. אַרטור האָט גאָרנישט געענטפֿערט, און דער זשאַנדאַרם האָט פֿאָרטגעזעצט:

— מיר האָבען גענויע ידיעות, אַז איהר געהערט צו דער געהיימער געזעלשאַפֿט „דאָס יונגע איטאַליען" און אַרבייט דאָרט. זייט זיך בעסער מודה אין אַלץ. פֿאַר אייך אַליין וועט דאָס בעסער זיין. דעם אמת וועלען מיר סיי־ווי דערגעהן, און איהר וועט זעהען, אַז עס איז גאַנץ אומנוציג איינצושפּאַרען זיך און שווייגען.

— איך שפּאַר זיך ניט איין; וואָס ווילט איהר פֿון מיר?

ערשטענס, ווער האָט אייך, אַנ'אויסלענדער, איינגערעדט אַריינ־
צוטרעטען אין דער געזעלשאַפט?

— קיינער ניט. איך בין אַליין צוגעשטאַנען צו איהר.

— איהר פיהרט מיך פאַר די נאָז! — האָט אַ געשריי געטהאָן דער פּאָלקאָווניק, פערליערענדיג דאָס געדולד. מען טרעט אַליין ניט אַריין אין קיין געזעלשאַפט. וועמען האָט איהר געזאָגט וועגען אייער בעשלוס צוצושטעהן צו איהר?

אַ שטיל־שווייגען.

וועט איהר אפשר זיין אַזוי פריינדליך און ענטפערן מיר?

— ניין, אויב איהר וועט מיר אויך ווייטער פאָרלעגען אַזעלכע פראַגען.

אַרטור האָט געענטפערט מיט עקשנות. ער האָט יעצט פערשטאַנען, אַז עס זענען פאָרגעקומען זעהר אַ סך אַרעסטען, ווי אין ליוואָרנאָ, אַזוי אויך אין פּיזאַ. ער איז געוועזען אונרוהיג וועגען דזשעממאַ און זיינע איבריגע חברים.

פלוצלונג האָט דער פּאָלקאָווניק געפרעגט:

— ווען האָט איהר דאָס לעצטע מאָל געזעהען דעם סטודענט באָללאַ, איידער איהר זייט אַוועקגעפאָהרען פון פּיזאַ?

— איך ווייס ניט, ווער ער איז אַזוינס.

— ווי! איהר קענט ניט באָללאַ'ן? איהר מוזט איהם געוויס קענען, אַ הויכער יונגער־מאַן, גלאַט ראַזירט... ער איז אייער אַני־
אוניווערזיטעטס־חבר.

— אין אוניווערזיטעט זענען דאָ אַ סך סטודענטען, וואָס איך קען זיי ניט.

באָללאַ'ן קענט איהר אָבער בעשטימט. טהוט אַ קוק זיין האַנדשריפט. איהר זעהט, אייך קען ער זעהר גוט.

דער פּאָלקאָווניק האָט איהם נאַכלעסיג דערלאַנגט אַ פּאַפּיער, אויף וועלכען ס'איז פון אויבען געוועזען אויפגעשריבען: „פּראָטאָקאָל" און אונטערגעשריבען דזשיאָוואַני באָללאַ. דורכקוקענדיג דאָס פּאַפּיער, האָט אַרטור בעמערקט זיין אייגענעם נאָמען. ער האָט פערוואונדערט אויפגעהויבען די אויגען און געפרעגט:

— קען מען דאָס דורכלייענען?

— יאָ, לייענט עס דורך, דאָס בעלאַנגט אייך אָן.

אַרטור האָט אָנגעהויבען צו לייענען. די זשאַנדאַרמען האָבען שווייגענדיג נאָכגעקוקט נאָך דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט. דאָס פּאַפּיער איז בעשטאַנען פון תשובות אויף לאַנגע פראַגען. פון אָנ־
הויב האָבען די תשובות געהאַט אַ פאָרמעלען כאַראַקטער. דערנאָך

זענען געווען אָנגעשריבען די ווערטער: „צווישען די, וועלכע זענען צו אונז צוגעשטאַנען, איז געווען איינער אַ יונגער ענגלענדער אַרטור בערטאָן, פון אַ רייכער משפחה פון שיפס-אייגענטימער".

דאָס בלוט איז אַרטור'ן אַריין אין פנים. באַללאַ האָט איהם אַרויסגעגעבען! באַללאַ, וועלכער האָט אַלץ אָנגעפיהרט און איז געשטאַנען בראש פון דער בעוועגונג! אַרטור האָט אָבגעלעגט דאָס פאַפּיער אָן אַ זייט און האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען צו דער ערד. צום סוף האָט ער אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

איך קען דעם מענשען ניט! דאָ איז עפּעס אַ טעות!

— נאַרישקייט! אַ טעות! צו וואָס ווילט איהר זיך אַליין שאָדען און ניט רעדען וועגען דעם מענשען, וואָס האָט אייך פערראַטען, זעהט איהר, ער האָט גערעדט פריי.

אין דעם פאָלקאָווניקס שטימע האָט זיך געהערט אַ לייכטער שפּאָט. אַרטור האָט געשווינד אַ קוק געטהאָן אויף איהם. ס'איז איהם פּלוצלונג קלאָר געוואָרען די זאַך, און ער האָט אויסגעשריען מיט כעס:

— דאָס איז אַ ליגען! דאָס פאַפּיער איז נאָכגעמאַכט! איהר ווילט מיך אַריינכאַפּען אין נעץ. איהר זייט אַ ליגנער און אַנ'אויס-וואורף!

— שטיל! האָט אַ געשריי געטהאָן דער פאָלקאָווניק, אויפ-שפּרינגענדיג פון גרימצאָרן. דערנאָך האָט ער געהייסען אַריינזוצען אַרטור'ן אין קאַרצער פאַר זיין העזה.

דער קאַרצער איז געווען אַ ענגע, נאַסע, שמוציגע לאָך אין אַ קעלער. ווען מען האָט אַרטור'ן אַריינגעוואָרפען אַהין און פער-מאַכט הינטער איהם די טיר, האָט ער געמאַכט דריי טריט פאָראויס, מיט אויסגעשפּרייטע הענד. אַ שוידער איז איהם דורך איבער'ן לייב, ווען ער האָט אָנגעריהרט מיט די פינגער די שטינקענדע, גליטשיגע חענד.

דער לאַנגער טאָג האָט זיך געצויגען אין חשך און פערצווייפ-לונג, און ער האָט פערלאָרען דעם חשבון פון דער צייט. אויף מאָרגען פריה, ווען די טיר האָט זיך אויפגעעפענט מיט אַ סקריפּ, די מייז זענען זיך צולאָפען מיט אַ קוויטשערייַ פערביי איהם, איז אַרטור אויפגעשפרונגען אין אימה. זיין האַרץ האָט הוילד געקלאַפּט, אין די אויערן האָט שטאַרק געקלונגען, פונקט ווי מען וואָלט איהם געהאַלטען אין דער פינסטערניש ניט שעה'ן, נאָר חדשים לאַנג.

די טיר האָט זיך געעפענט. עס איז אַריין דער הויפּט-אויפזע-הער מיט אַ שטיקעל ברויט און אַ קרוג וואַסער. אַרטור איז נע-

ווען זיבער, אז דער אויפזעהער איז געקומען ארויסלאָזען איהם און האָט געשטעלט אַ טריט פאָרוועָרטס, נאָר איידער ער האָט נאָך גע־האַט צייט צו עפענען דעם מויל, האָט איהם דער וועכטער דערלאַנגט אין האַנד דאָס ברויט און וואַסער, האָט זיך אומגעקעהרט און איז ארויס, ניט זאָגענדיג קיין איין וואָרט. די טיר איז ווידער פערשלאָ־סען געוואָרען.

אַרטור האָט אַ טופע געטהאָן מיט׳ן פוס. דאָס ערשטע מאָל אין לעבען האָט ער דערפיהלט אַ ווילדען צאָרן. עטליכע טעג האָט מען איהם געפייניגט מיט׳ן קאַרצער. לסוף, אויפ׳ן דריטען טאָג אין אָבענד, איז געקומען דער וועכטער מיט אַ סאָלדאַט און האָט איהם ארויסגעפיהרט פון דעם פערשטיקטען קבר. אַרטור איז געגאַנגען אויף די טרעפ מיט אונזיכערע טריט, שאָקלענדיג זיך ווי אַ שכור׳ער. ווען ער האָט זיך אויפגעהויבען אויפ׳ן לעצטען שטאַפעל, האָט ער זיך גענומען וואַקלען און איז שיער ניט געפאַלען, ווען דער וועכ־טער וואָלט איהם ניט אָנגעכאַפּט פאַר׳ן אַקסעל. אַרטור האָט פער־לאָרען דאָס בעוואוסטזיין. ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער דערזעהען, אז ער געפינט זיך אין דעם זעלבען צימער, וואו מען האָט איהם דאָס ערשטע מאָל אויסגעפאָרשט.

אַ, הערר בערטאָן! — האָט געזאָגט דער פאָלקאָווניק.

— איך האָף, אז מיר וועלען איצט רוהיג רעדען. נו, ווי איז אייך געפעלען דער קאַרצער?

אַרטור האָט אַ קוק געטהאָן אויפ׳ן פאָלקאָווניק׳ס פנים, וואָס האָט געשמייכעלט, און איהם האָט אָנגענומען אַ ווילדער פערלאַנג אָנצוכאַפּען פאַר׳ן גאָרגעל דעם פראַנט מיט די גראָהע באַקענבאַרדען און צורייסען איהם אויף שטיקלעך. דער פאָלקאָווניק, ווי עס ווייזט אויס, האָט דאָס אויך בעמערקט, ווייל ער האָט גלייך אומגעביטען דעם טאָן און האָט אָנגעהויבען די אויספאָרשונג, זאָגענדיג:

— מיר וועלען ווידער אָנפאַנגען פון דאָס, אויף וואָס מיר האָבען זיך דאַמאָלסט אָבגעשטעלט. קומט צום שכל און זאָגט אַלץ אָפענהערציג. זאָגט מיר פריהער פון אַלץ, ווי לאַנג זייט איהר גע־ווען בעקאַנט מיט באָללאַ׳ן?

— איך האָב איהם קיינמאָל ניט געזעהען אין לעבען. איך ווייס ווענען איהם קיין זאַך ניט.

טאַקע? טאָ אפשר קענט איהר אַ יונגען־מאַן, מיט דעם נאָ־מען קאַרל ביני? — דאָס איז געווען אַרטור׳ס אַ מיטאַרבייטער אין דער געזעלשאַפט.

— איך האָב קיינמאָל ווענען אַזאַ מענשען נאָר ניט געהערט.

— אַ מאָדנע זאַך! נו, און פּראַנצעסקאַ נערדי?

— צום ערשטען מאָל הער איך אַזאַ נאָמען.

טהוט נאָר אַ קוק אויף דעם בריעף. ער איז געשריבען מיט אייער האַנדשריפט.

אַרטור האָט נאַכלעסיג אַ קוק געטהאָן אויפ'ן בריעף און האָט איהם אָבגעלעגט אָהן אַ זייט.

— איהר דערקענט דעם בריעף?

— ניין —

— איהר לייקענט, הייסט דאָס, אָבּ, אַז דאָס איז אייער האַנד־שריפט?

— איך לייקען קיין זאַך ניט אָבּ, איך געדענק ניט. דעמאָלט האָט איהם דער פּאָלקאָווניק געגעבען אַנ'אַנדער בריעף און געפרעגט:

— פּילייכט געדענקט איהר, וואָס דאָס איז פאַר אַ בריעף?

אַרטור האָט געוואוסט, אַז דאָס האָט ער געשריבען דעם בריעף אין הערבסט זיינעם אַ חבר, ער האָט אָבער רוהיג געענטפערט:

— ניין!

— אַ מאָדנעם קורצען זכרון האָט איהר.

— איך האָב פון שטענדיג אָן דעם פעהלער.

— ניט שוין־זשע! מיר האָט געראַדע איינער פון אייערע פראָ־פעסאָרען געזאָגט, אַז מען האַלט אייך פאַר זעהר אַ קלוגען און פעהיגען סטודענט.

— איהר קוקט מן הסתם, אויפ'ן שכל פון פּאָליציייאישען שטאַנדפונקט. די פראָפעסאָרען פון אוניווערזיטעט געברויכען דאָס וואָרט אין אַנ'אַנדער זין.

דער פּאָלקאָווניק איז אין כעס געוואָרען, און האָט מיט אַ גע־מאַכטען שטאָליץ געזאָגט:

— איהר פערגעסט זיך ווידער וואו איהר האַלט; זייט וויסען, אַז איך האָב אַ פעסטען בעווייז, אַז אייניגע פון די יונגע לייט האָ־בען זיך בעשעפטיגט מיט איבערפיהרען אונלעגאַלע ביכער. זאָגט מיר, וואָס איז אייך וועגען דעם בעוואוסט? איך וואַרט אויף אַנ־ענטפער פון אייך.

— איך האָב ניט וואָס צו ענטפערן.

— ווילט איהר, הייסט עס, ניט ענטפערן?

— איך וועל אייך קיין זאַך ניט זאָגען.

— אויב אַזוי, וועל איך אייך ווידער אַוועקשיקען אין קאַר־צער און האַלטען דאָרטען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען איהר וועט ניט קומען צום שכל און ווערען אַ ביסל אָפענהערציגער. אויב איהר

וועט זיך ניט אויפפירען רוהיג, וועלען מיר אייך פערשמידען אין קייטען.

— טהוט, וואס איהר ווילט! — האט אַרטור געזאגט. — צו וועט אבער דער ענגלישער געזאנדטער ערלויבען, אזוי צו בעגעהן זיך מיט אַנ׳ענגלישען אונטערטהאַן, ניט האבענדיג קיין שום בעווייז פון זיין פערברעכען. דאס דאַרף ער בעשליסען.

נאך אַ לאנגען געשפרעך האט מען אַרטור׳ן אַבגעפיהרט אין זיין קאמער. ער האט זיך אַ ווארף געטהאן אין בעט און איז אזוי געבליבען ליגען ביז אין דער פריה. אַזוי איז ער אבגעזעסען נאך אייניגע וואכען, טראַכטענדיג אומזיסט וועגען קריסטוס׳עס געדולד און עניות. ווי נאר מען פלעגט ברענגען אַרטור׳ן צום פערהער, ווי נאר ער פלעגט דערזעהען דעם פאלקאָווניק מיט די אויסגעפוצטע וואנסען, פלעגט זיך גלייך אויפהויבען אין איהם אַ גאנצער שטורם, און ער פלעגט העזה׳דיג ענטפערן אויף דעם זשאנדארם׳ס פראַגען. ער האט געוואוסט, אז מען שפיאנירט איהם שטארק נאך, און דערמאנענדיג זיך, אז די אַרעסטירטע ניט מען טרינקען בעלאַדאנע, און מען פערשרייבט דאס, וואס זיי רעדען בשעת זיי ווערען צומישט, האט ער ביסלעכווייז אנגעהויבען מורא צו האבען צו עסען און טרינקען. ווען אַ מויז פלעגט פערביילויפען פערביי איהם, פלעגט ער אויפשפרינגען, בעדעקט מיט אַ קאלטען שווייס, ער פלעגט צוציטערט ווערען פון דעם געדאנק, אז עמיצער איז בעהאַלטען אין צימער און האָרכט איהם נאך. ער איז געווארען אַזוי נערוועז, אז ער האט ווירקליך געקענט אַריינפאַלען צוליעב דעם. דאס שרעקליכסטע איז געווען דאס, וואס איהם האט זיך געדוכט, אז זיין גלויבען טרעט אויך אב פון איהם.

זיין איינציגער טרייסט איז געווען דער הויפט-וועכטער פון טורמע. דאס איז געווען אַ קליינעטשקער, גראבינקער און פליכע-וואטער זקן. פון אנהויב האט ער זיך געסטאַרעט צו מאַכען אַ שטרענגע מינע, אבער ביסלעכווייז האט זיין געבארענע גוטמוטיגקייט גובר געווען די פראפעסיאנעלע שטרענגקייט און ער איז געווארען אַ פערמיטלער צווישען די קאמערן פון די אַרעסטירטע.

איינמאל איז דער וועכטער אַריין צו אַרטור׳ן אין קאמער שטאַרק ברוגז׳דיג און האט אנגעהויבען אויפצולעגען זיין דעקע.

— וואס איז געשעהען? האט אַרטור געפרעגט. — מען פיהרט מיך איבער אין אַנ׳אַנדער קאמער?

— ניין, מען בעפרייט אייך, — האט שטרענג געענטפערט דער וועכטער.

— מען בעפּרײַט מיך! הײַנט! גאָר אין גאַנצען!

דער אויפגערעגטער אַרטור האָט אָנגעכאַפּט דעם װעלכטער פאַר'ן האַנד. יענער האָט איהם אָבער מיט כעס אָבגעשטויסען פון זיך.

— װאָס איז מיט אײַך? — האָט אַרטור געפרעגט. — צו דען לאָזט מען אונז אַלעמען אַרוים?

אַנשטאָט אַנ'ענטפער האָט דער װעלכטער עפּעס אַ מורמעל געטהאָן מיט פערראַכטונג.

— װאָס איז מיט אײַך? — האָט אַרטור געזאָגט. — אומזיסט זײַט איהר אויף מיר אין כעס, װאָרום איך װעל זיך אַלץ אײַנס ניט בעליידיגען. איך װיל װיסען, װאָס איז מיט די איבריגע.

— מיט די איבריגע? — האָט דער װעלכטער אַ ברום געטהאָן. — ניט מיט באָללאַ'ן דענקט איך.

— מיט באָללאַ'ן און מיט די אַנדערע.

— נו, איהם נעכטען װעט מען געװיס אַזוי גיך ניט אַרויסלאָזען, װען זײַנער אַ חבר האָט איהם אַרויסגעגעבען. אוי-אוי-אוי!

— אַ חבר האָט איהם אַרויסגעגעבען! אָט אַ שרעק!

אַרטור'ס אויגען האָבען זיך פאַנאַנדערגעעפענט פון כעס. דער װעלכטער האָט זיך געשװינד אַ קעהר געטהאָן צו איהם.

— ניט איהר דען האָט איהם אַרויסגעגעבען?

— איך? איהר זײַט מסתמא פון זינען אַראָב!

— באַללאַ'ן האָט מען נעכטען אויפ'ן פערהער געזאָגט, אַז טאַקי איהר האָט איהם אַרויסגעגעבען. איך בין זעהר צופרידען, װאָס ניט איהר האָט דאָס געטהאָן. איך האָב אײַך שטענדיג געהאַלטען פאַר אַנ'אָרענטליכען מענשען. קומט מיט מיר! אַרטור איז געגאַנגען נאָכ'ן װערטער און האָט אָנגעהויבען משער צו זײַן.

— די זשאַנדאַרמען האָבען געװיס געזאָגט באַללאַ'ן, אַז איך האָב איהם אַרויסגעגעבען, זיי האָבען דאָך מיר אויך געזאָגט די זעלבע זאַך. איך מיין, אַז באַללאַ איז ניט אַזאַ נאַר, ער זאָל זיי גלויבען.

— אַזוי, איז דאָס מיט אַנ'אמת אַנ'אויסגעטראַכטע זאַך? — האָט דער װעלכטער געזאָגט. — איך װעל דאָס זאָגען באַללאַ'ן. איהר פערשטעהט אָבער, איהם האָט מען געזאָגט, אַז איהר האָט איהם אַרויסגעגעבען צוליעב אײַפערזוכט, װײַל איהר בײדע האָט כלומר'שט געליעבט אײַין און דאָסזעלבע מיידעל.

דאָס איז אַ ליגען! האָט אַרטור איבערגעהזר'ט די װערטער מיט אָבגעהאַקטע פערשטיקטע שטים. אַ שרעק האָט צונויפגעשמידט אַלע זײַנע גליעדער. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם,

ווי ער האָט זיך מתודה געווען... דאָס זעלבע מיידעל... אייפער-
זוכט... ווי אַזוי האָבען זיי דאָס געקענט וויסען?

— וואַרט אַ ווײַלע, יונגערמאַן, — האָט דער וועכטער געזאָגט.

— איך ווייס, איהר זייט דאָך אַ קאַטוילישער, האָט איהר
אָפּשר עפּעס דערצעהלט דעם גלח בײַם מתודה זײַן זיך?

— דאָס קען ניט זײַן! האָט אַרטור אַ געשריי געטהאָן.

— איהר זייט ניט דער ערשטער לייכטגלויביגער, וועלכער איז
אויף אַזאַ אופן דורכגעפאַלען. איצט רעדט מען אַ פּולע וואָגען אַ
גלח פון פּיזאַ, וועלכען איינינע פון אײַערע חברים האָבען ענט-
דעקט, אַז ער האָט זיי פערראַטען. זיי האָבען שוין לאַנג אָבגעדרוקט,
אַז ער איז אַ שפּיאָן.

אַרטור איז געבליבען שטעהן אָהן בעוועגונג, קוקענדיג פאַר-
אויס מיט אַ דרייסטען בליק.

דער וועכטער האָט געעפענט אַ טיר און האָט איהם אַרײַנגע-
לאָזען אין דעם זעלבען צימער, וואו מען האָט איהם פריהער אויס-
געפאָרשט.

— אַ, גוטען מאָרגען, מיסטער בערטאָן! — האָט געזאָגט דער
פּאָלקאָווניק מיט אַ שמייכעל, אויסשטעלענדיג די צעהנער. — עס איז
דאָ אַ פעראָרדנונג, מען זאָל אייך בעפרייען. זייט אַזוי גוט און
שרײַבט אונטער דאָס פּאַפּיער.

אַרטור איז צוגעגאַנגען צום טיר און האָט געזאָגט מיט אַ
פערשטיקטער שטים:

— איך וואָלט געוועלט וויסען, ווער האָט מיך אַרויסגעגעבען.

דער פּאָלקאָווניק האָט אויפגעהויבען זײַנע ברעמען מיט אַ
שמייכעל.

— איהר קענט דאָס ניט טרעפען?

אַרטור האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

דער פּאָלקאָווניק האָט מיט העפליכער פערוואונדערונג אויסגע-
שטרעקט זײַנע הענד.

— קענט איהר דאָס טאַקי ניט טרעפען בשום אופן? איהר אַליין
האָט דאָך זיך אַרויסגעגעבען! ווער אַחוץ אײַך קען וויסען אײַערע פערזענ-
ליכע ליעבע-ענינים.

אַרטור האָט זיך אָבגעקעהרט אָן אַ זייט. אויפ'ן וואַנד איז
געהאַנגען אַ גרויסער הילצערנער צלם. דעם יונגלינגס אויגען האָבען
זיך לאַנגזאַם געווענדעט צו איהם אָהן געבעט אינ'ם בליק — נאָר מיט
פערוואונדערונג פאַר אַזאַ געדולדיגען גאָט. ניט שוין-זשע האָט ער

קײן־דונער'ן ניט, צו טרעפֿען דעם גלה, װעלכער האט פֿערראַטען דעם סוד פֿון זײן װדוי.

דער פאלקאָװניק האט איהם געגעבען אונטערשרײבען זיך, אַז ער האט בעקומען זײנע פאַפּיערען. ער האט געזאָגט, אַז ער איז איצט זעהר פֿערנומען מיט דער דיעלאָ פֿון דעם משוג'ענעם באַללאַ, װעלכער װעט שטאַרק לײדען פֿאַר זײן פּאָליטישע טהעטיגקײט. אַרטור האט געשװיגען, זיך אונטערגעשריבען, צוגענומען די פאַפּיערען, אַרױס פֿון טורמע, מאַשינעל אַריבערגעפּאָהרען איבער'ן טײך, און אַז ער איז אַרײן אין שטאָדט, האט ער מיט אַ מאָל דערזעהען דזשעממאַ'ן, אין אַ פראָסטער קלײד און אין אַ שטרױענעם הוט. זי האט אױסגעשטעלט בײדע הענד אַנטקעגען.

— אַרטור! איך בין אַזױ גליקליך! אַזױ גליקליך! איך װאַרט שױן אַ גאַנצע האַלבע שעה אױף דיך. מען האט מיר געזאָגט, אַז מען װעט דיך אַרױסלאָזען פֿיער אַ זײגער.

אַרטור האט געקוקט אױף איהר מיט װילדען שרעק אין די אױגען און האט געמאַכט זעהר אַ מאָדנעם אײנדרוק.

דערשראָקען פֿון זײן השכ'דיגען אױסזעהן, האט איהם דזשעממאַ אָנגענומען פֿאַר'ן האנד און האט װײך געזאָגט:

— הער, מײן פֿרײנד! דו נעהמסט זיך צופֿיעל צום האַרצען אָט די פֿערפּלױכטע זאַך.

— װעגען װאָס רעדסט דו? — האט ער געפֿרעגט מיט אַ פֿערשטיקטען קול.

װעגען באַללאַ'ס בריעף. ער האט געשריבען, אַז דו האסט דערצעהלט װעגען זײנע קאָנטרעבאַנד און אַז דו ביסט שולדיג אין זײן אַרעסט. דאָס איז דאָך, אָבער, נאַרישקײטען! איך בין געקומען אָנזאָגען דיר, אַז בײ אונז אין גרופּע גלױבט אױך קײנער ניט אין דעם.

— דזשעממאַ! דאָס איז דאָך אָבער ריכטיג!

זי האט זיך פּאַמעליך אָבגערוקט פֿון איהם און אָבגעשטעלט זיך, אַזױ װי אַ בליץ װאָלט זי געטראָפֿען.

— יאָ, האט אַרטור איבערגע'חזר'ט — איך האָב װעגען דעם דערצעהלט און אָנגעהפֿען זײן נאָמען. — נאָר גאָט מײנער, װאָס זאָלען זײ טהאָן. ער איז אָבער מיט אַמאָל געקומען צו זיך און האט דערזעהען אַ טױטשרעק אױף דזשעממאַ'ס געזיכט: יאָ, זי מוז אודאי מײנען....

— דזשעממאַ! דו פֿערשטעהסט ניט! האט ער געזאָגט, צוגעהענדיג נעהענטער צו איהר.

זי האט זיך אָבער אָבגערוקט פֿון איהם מיט אַ שאַרפֿען געשרײ:

— ריהר מיך ניט אָן! דו ביסט אַ פֿעררעטער!

אַרטור האָט אָנגעכאַפּט איהר רעכטע האַנד מיט קראַפֿט און ווילדער צורייצטקייט.

— למען השם! הער מיך אויס! איך בעט דיך...

— גיה אַוועק! לאָז אָב מיין האַנד!.. אַוועק!

אין אַ מינוט אַרום האָט זי אַרויסגעריסען איהר האַנד און האָט איהם געגעבען אַ פּאַטש איבער'ן באַק. עפּעס אַ נעבעל האָט איהם אַרומגענומען. אַ צייטלאַנג האָט ער גאָר ניט געזעהען, אויסער דזשעמ־מאַ'ס בלאַס און פֿערצווייפֿעלט געזיכט און איהר רעכטע האַנד, וועלכע זי האָט מיט פֿעראַכטונג געווישט אָן איהר קלייד. דערנאָך האָט ער ווידער דערזעהן די זון־שיין, און אַז ער האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ער בעמערקט, אַז ער איז להלוט'ן איינער אַליין...

VII.

עס איז שוין געוואָרען גוט פֿינסטער, ווען אַרטור האָט זיך צוריקגעקעהרט צו זיך אַהיים אינגאַנצען אַ צובראָכענער. יוליע און זיין ברודער זענען ניט געווען אין דער היים: זיי זענען אַרויסגעפֿאָהרען און האָבען געזאָלט צוריק קומען ניט פֿריהער פֿון 12 ביי נאַכט.

אַרטור האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער. עס איז שוין ניין, אָ יאָ ... האָט נאָך צייט, אַ סך צייט.

אַרטור איז אַריין צו זיך אין צימער. דאָרטען האָט זיך קיין זאַך ניט אומגעביטען, זייט מען האָט איהם אַרעסטירט. מאָנטאַנעל־לי'ס בילד איז געשטאַנען אויפ'ן טיש, אויף דעמזעלבען אָרט, וואו ער האָט איהם איבערגעלאָזען. און דער צלם איז אויך געשטאַנען אין ווינקעל, ווי פֿריהער. אַרטור איז שטילערהייד אַריין אין צימער, און האָט פֿערמאַכט די טיר.

יאָ, עס מוז נעהמען אַ סוף. עס איז ניטאָ וואָס צו קלערען און אונרוהיג צו זיין. ער האָט נאָך ניט אָנגענומען קיין קלאָרען בעשלוס צו אָנטהאָן זיך אַליין אַ טויט: ער האָט ניט געהאַט קיין שום פֿאָר־שטעלונג וועגען דעם, וואָס פֿאַר אַ טויט זיך אויסצוקלייבען. אַבי־טער גיכער ענדיגען, ענדיגען און פֿערגעסען. אין צימער איז קיין שום געוועהר ניט געווען, אַפֿילו קיין מעסער ניט. צו איז דאָס דען אָבער ניט אַלץ איינס — עס איז גענוג אַ האַנדטוך, אָדער ליילעך, אַ צו־שניטענעם אויף שטיקלאַך. גראַדע איבער'ן פֿענסטער איז אַריינ־געשלאָגען אַ גרויסער טשוועק. ס'איז אויסגעצייכענט! פֿאַר'ן טויט

האָט אַרטור געוואָלט מתפלל זיין. ער האָט זיך געשטעלט אויף די קניע, אָבער ער האָט ניט געוואוסט וועגען וואָס גאָט צו בעטען. דאָס לעבען האָט זיך איהם אויסגעדוכט אַזוי פינסטער. אויסערדעם, האָט דען קריסטוס געוואוסט פון אַזעלכע ליידען? איהם האָט מען נוֹדפֿער ראַטען. מען האָט איהם אָבער ניט געצוואונגען דורך רמאות צו ווע־ רען אַליין אַ פֿערראַטער.

אַרטור איז אויפגעשטאַנען. ער האָט זיך איבערגעצלמ׳ט לויט זיין אַלטער געוואוינהייט. צוגעהענדיג צום טיש, האָט ער בעמערקט אויף איהם אַ בריעף. דער אַדרעס איז געווען אויפגעשריבען מיט מאָנטאַנעלי׳ס האַנדשריפֿט. דער בריעף איז געווען געשריבען מיט בלייששטיפט!

„מיין טייערעס קינד! איך בין אויסער זיך, וואָס איך קען דיך ניט זעהן אין דעם טאָג, ווען דו ווערסט בעפֿרייט פון טורמע. מען האָט מיך אָבער גערופֿען צו אַ גוססען, איך וועל צוריקקומען ערשט שפעט ביי נאַכט. קום צו מיר מאָרגען פֿריה“. ל. מ.

אַרטור׳ן האָט עס באַנג געטהאָן. ער האָט אַוועקגעלעגט דעם בריעף מיט אַ זיפֿץ „אָרעמער פאַדרע!“ אויף די גאַסען איז געווען פֿרעהליך, און מענשען זענען געגאַנגען און האָבען לוסטיג געפלוידערט. אַלץ איז געווען ווי פֿריהער. עס האָט זיך קיין זאַך ניט אומגעביטען צוליב דעם, וואָס מען האָט אַוועקגענומען ביי אַ מענשען זיין נשמה.

אַרטור האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן בעט און האָט זיך שטאַרק פֿערטראַכט. עס איז נאָך געווען אַ סך צייט. אַרטור האָט געפֿיהלט אַ שטאַרקען קאָפּוועהטאָג. זיין מוֹח איז געווען ווי אין צוואַנגען.

ס׳האָט זיך דערהערט אַ שאַרפֿער קלונג. אַרטור איז אויפ־ געשפרונגען אַ דערשראָקענער. זיי זענען געקומען צוריק! און ער איז געזעסען אַ פֿער׳חלומ׳טער און האָט פֿאַרביי געלאָזען די טייערע צייט.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און אין צימער איז אַריין יוליע, אַנ׳אויסגעפוצטע, מיט אַ גאַנצען האָגעל שטעכעדיגע פֿאָרוואורפֿען. דער מאַן האָט זי בעגלייט אַ געהאָרכזאַמער און אַנ־ אונטערטעניגער.

ער האָט אַוועקגעשטעלט אַ שטוהל פֿאַר זיין פֿרוי און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, אויפהויבענדיג מיט התמדה ביי די קניע זיינע נייע הויזען. דערנאָך האָט ער פֿערפֿיהרט אַנ׳ערנסטען געשפרעך מיט אַרטור׳ן. ער האָט פֿערגעסען, אַז דער יונגלינג איז נאָר וואָס אַרויס פון טורמע און איז מיד און אויסגעמאַטערט פון דעם לאַנגען זיצען דאָרט.

— דו מוזט פֿערשטעהן, אונ איך בין זיכער, אַז דו וועסט עס פֿערשטעהן, אַז עס איז פֿאַר מיר אינגאַנצען אונמעגליך צו האַלטען ביי זיך אין הויז אַ מענשען, וועלכער האָט אַ שייכות צו פּאָליטישע פֿער־ברעכער און אונטערצינדער און האָט בעדעקט מיט שאַנדע אונזער הויכגעשעצטען נאָמען.

— טהוט, ווי איהר פֿערשטעהט, האָט אַ ר ט ו ר געענטפֿערט קאַלט, ניט ריהרענדיג זיך פֿון אָרט. — דאָס איז ניט וויכטיג.

— ניט וויכטיג! — האָט ד ז ש ע מ ם איבערגעהור'ט אַ דער־שראָקענער, זיין וויַב האָט זיך אויפֿגעהויבען פֿון שטוהל מיט אַ געלעכטער.

— אַזוי גאָר! ניט וויכטיג! נו, וואָס וועסט דו זאָגען, ד ז ש ע מ ם, איך האָף אַז איצט האָסט דו שוין פֿערשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ דאַנק־באַרקייט דו קענסט דאָ ערוואַרטען? איך האָב דיר געזאָגט, וואָס עס קומט אַרויס, ווען מען טהוט אַ טובה די קאַטוילישע אַוואַנטוריסטען און זייערע...

— שווייג! איך בעט דיך, שוויַג, מיין טייערע!

— דאָס איז אַלץ נאַרישקייטען! געננג שוין צו צאַצקען זיך מיט דעם נישט געזעצליכען קינד פֿון אַ קאַטוילישען פּאָפּ! שוין צייט ער זאָל וויסען, וואָס זיין מוטער איז געווען פֿאַר אַ סחורה!

י ו ל י ע האָט אַרויסגענומען פֿון טאַש אַ צוקנייטשטעס שטיקעל פּאַפּיר און האָט עס דערלאַנגט אַ ר ט ו ר'ן. ער האָט פֿאַנאַנדערגענומען דאָס פּאַפּיר. דאָס איז געווען זיין מוטערס אַ בריעף צו איהר מאַן, אין וועלכען זי האָט זיך מודה געווען אין איהר זינד מיט פּיער מאָנאַטען פֿריהער איידער אַ ר ט ו ר איז געבאָרען געוואָרען. אונטען זענען געוועזען זיין מוטערס און מ אָ נ ט אַ נ ע ל י'ס אונטערשריפֿטען.

אַ ר ט ו ר איז געזעסען אַ נידערגעשלאָגענער, אַזוי ווי ער וואָלט פֿערשטיינערט געוואָרען.

ד ז ש ע מ ם, וועלכער איז אַריין אין פֿערלעגענהייט, האָט דער־וויַל פֿאָרזיכטיג אַרויסגעשיקט י ו ל י ע'ן און האָט געזאָגט אַ ר ט ו ר'ן:

— געוויס, מיין טייערער! גלייכער וואָלט געווען, ווען דו וואָלסט דאָס ניט געוואוסט, נור וואָס זאָל מען טהאָן? מיין פֿאָטער איז געווען זעהר גרויסמוטיג, ער האָט נור געפֿאָדערט מ אָ נ ט אַ נ ע ל י זאָל אַוועק־פֿאָהרען, ווי דו ווייסט, איז ער אַוועקגעפֿאָהרען אין כ י נ אַ ווען ער איז געקומען צוריק, האָט דער פֿאָטער גענומען פֿון איהם אַ וואָרט, אַז ער וועט זיך ניט זעהן מיט דיין מוטער, און האָט איינגעשטימט איבערצוגעבען מ אָ נ ט אַ נ ע ל י'ן דיין ערציהונג. דאָס איז זעהר אַ טרויעריגע געשיכטע, נור...

אַרטור האָט אױפֿגעהױבען די אױגען. קײן שום אױסדרוק פֿון לעבען איז אױף זײן געזיכט ניט געװען. עס האָט אױסגעזעהן, הי אַ װעקסענע מאַסקע. װידער ליגען און נאַרעריי!

— דוכט זיך דיר ניט, — האָט ער געזאָגט מאָדנע שטאַמלענדיג, — ד—דוכט זיך דיר ניט, אַז ד—דאָס... איז זעהר... ז—זעהר לעבערליך?

— לעכערליך! — דזשעמס איז אױפֿגעשפּרונגען אַ כעס'דיגער און אַ פֿערװאונדערטער.

— אַרטור! דו ביזט פֿון זינען אַראָב!?

אַרטור האָט פֿערהױאָרפֿען דעם קאָפּ און האָט אָנגעהױבען װילד צו לאַכען...

— אַרטור! — האָט געכעס'ט דער רײַכער שיפּסמאַן. איך בין איבערראַשט פֿון דײַן לײַכטזיניגקײַט.

אָנשטאָט אַנ'ענטפֿער האָט אַרטור אױסגעשאָסען מיט אַ נײַעם געלעכטער.

דזשעמס האָט אין כעס אַ קװעטש געטהאָן מיט די פּלײצעס און האָט אַרױסגעמורמעלט:

— גאָר װי אַ היסטערישעס פֿרױענצימער!

ער האָט אַ לאַנגע צײַט געטענה'ט מיט אַרטור'ן כדי איהם צו בערוהיגען. װען ער האָט אָבער געזעהן, אַז ער קען גאָרניט מאַכען, איז ער אַרױס אַ צורײצטער פֿון צימער, און האָט אַ קלאַפּ געטהאָן מיט דער טיר הינטער זיך.

— נו, און איצט װעט זיך אָנהױבען אַ נײַע סדרה אונטען, האָט ער געמורמעלט מיט שװערע טריט אַראָבלאָזענדיג זיך פֿון די טרעפּ צו זײַן פֿרױ. — דאָרטען װעלען מיר שױן געװיס האָבען טרעהרען.

---

אַרטור'ס װילד געלעכטער האָט זיך מיט אַ מאָל אָבגעהאַקט. ער האָט געכאַפּט אַ האַמער פֿון טיש און צוהאַקט דעם צלם אױף שטיקער. פֿון דעם זעץ, װאָס עס האָט דערלאַנגט איז ער געקומען צו זיך. ער האָט דערזעהן געבען זיך די אונטערשטע העלפֿט פֿון צלם, און אַרום האָבען זיך געװאַלגערט די צובראָכענע שטיקלאַך פֿון קריסטוס'עס בילד. אין האַנד האָט ער געהאַלטען דעם האַמער.

ער האָט אַ שלײַדער געטהאָן דעם האַמער פֿון זיך.

— אַ, װי לײַכט און פּשוט דאָס איז געװאָרען! — האָט ער געזאָגט און זיך אָבגעקעהרט —, און װאָס פֿאַר אַ נאַר איך בין געװען!

ער האָט זיך געזעצט בײם טיש, אַטעמענדיג שװער. דערנאָך

האט ער זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאנגען צום וואשטיש, האט אבגעגאסען דעם קאפ מיט קאלטען וואסער, און, א בערוהיגטער אינגאנצען, האט ער זיך ווידער אוועקגעזעצט ביים טיש.

אט צוליב אזעלכע פוסטע זאכען, צוליב פאלשע מענשען און קנעכט, צוליב שטומע טויבע געטער האט ער דאס געמוזט אויסשטעהן אזוי פיעל יסורים פון שאנד און פערצווייפלונג! הענגען זיך בלויז צוליב דעם, וואס א גלה, לויט עס האט זיך ארויסגעשטעלט, איז א ליגנער. אזוי ווי זיי וואלטען אלע ניט געוועזען קיין ליגנער! איצט איז מיר אלץ אויס: ער וועט שוין זיין קליגער! מען דארף אנהויבען א נייע לעבען!

אין האפען שטעהן פיעל שיפען! עס וועט איהם זיין לייכט אוועקצופאהרען אין קאנאדא, אויסטראליען אדער אפריקא — וואו ניט איז, נור ווייטער פון דאנען. דארטען וועט ער זיך שוין ווי עס איז אנ'עצה געבען.

ער האט ארויסגענומען דעם טייסטער: דארטען איז געוועזען נור א דרייסיג פאליי... אויך קיין דאגה ניט... טאמער וועט מען מיך אבער זוכען... מען דארף מאכען אזוי, אז אלע זאלען זיין זיכער, אז איך בין געשטארבען. דאן וועל איך זיין גאר פריי.

ער האט גענומען א בויגען פאפיר און האט אויפגעשריבען די ערשטע ווערטער, וועלכע זענען איהם ארויף אויפ'ן זינען:

— „איך האב געגלויבט אין אייך, אזוי ווי אין גאט. אבער גאט איז נור א ליימענער געץ; מיט א קלאפ פון האמער קען איך איהם פערניכטען. איהר האט מיך גענארט מיט אייערע ליגענס“. ער האט צונויפגעלעגט דאס צעטעל און האט אויפגעשריבען אויף איהם מאנטאנע ליס אדרעס. דערנאך האט ער גענומען נאך א בויגען פאפיער און האט אויף איהם אויפגעשריבען: „זוכט מיין קערפער אין דארסען“.

ארטור האט אנגעטהאן דעם הוט, איז פארזיכטיג ארויסגעגאנגען און איז אוועק צום האפען. ער האט דארטען אנגעטראפען א מאטראס, וועלכען ער האט אבגעגעבען זיין לעצטעס געלד און זיין מוטערס זייגער'ל, כדי ער זאל איהם דורכפיהרען דורך די גרעניץ אויפ'ן שיף. דער מאטראס האט איהם געבראכט אויף א גרויס שיף, וואס האט געדארפט אבפאהרען קיין ארגענטיניען; ער האט איהם דארט פערשפארט אין א פינסטערע, נאסע לאך, און האט איהם אוועקגעשטעלט א קרוג וואסער, סוכארעס און א שטיקעל חזיר-פלייש.

ארטור איז ארויפגעקראכען אויף א'ן אויל-פאס און האט גענומען עסען. נאכדעם האט ער זיך אויסגעצויגען אויפ'ן שמוציגען בארען און

האָט זיך דאָס ערשטע מאָל, פֿון זיין קינדהייט אָן, געלענט שלאָפֿען אָהן געבעט. מייז זענען אַרומגעקראָכען אין דער פֿינסטערניש, אָבער ניט זייער פּיסקעריי, ניט דאָס טרייסלען פֿון שיף, ניט דער שרעק־ליכער גערוך פֿון דעם אויל, אַפילו ניט דער געדאַנקען וועגען דער זעעקראַנקהייט, וואָס שטעהט איהם פֿאָר, האָבען איהם ניט געשטערט איינצושלאָפֿען. אַרטור האָט וועגען דאָס אַלץ געטראַכט פּונקט אַזוי ווייניג, אַזוי ווי וועגען אַלע צוקלאַפּטע און פֿערשמוצטע געצען, צו וועלכע ער האָט זיך נאָך מיט איין טאָג פֿריהער אַזוי ערנסט געבוקט.

---

# II טייל.

## אין דרייצעהן יאהר אַרום.

### I.

אין 1846 יאָהר אין יוני מאָנאַט איז איינמאָל אין אָבענד פֿאָר־געקומען אַ פֿערזאַמלונג ביי אַ פֿלאָרענטישען פּראָפֿעסאָר פֿאַבּריצי. דאָרטען האָט געזאָלט גערעדט ווערען וועגען די פּלענער פֿון דער קינפֿטיגער פּאָליטישער טהעטיגקייט.

איינינע פֿון די אַנוועזענדע האָבען געהערט צום בונד פֿון „יונגען איטאַליען“ און זענען געווען פֿאַר אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק און פֿאַר די פֿעראייניגונג פֿון איטאַליען.

אַנדערע, געמעסיגטע ליבעראַלען, האָבען געהאַלטען פֿאַר אַ בּעגרענצטע מאָנאַרכיע, אַלע זענען אָבער געווען איינשטימיג אין איין פּונקט — אין דער אונצופֿרידענהייט מיט דער טאָסקאַנישער צענ־זור. זיי האָבען זיך דעריבער צוזאַמענגעקליבען ביי דעם בעליעבטען פּראָפֿעסאָר, כדי אַ שמועס צו טהאָן וועגען די לעצטע געשעהענישען.

אין איטאַליען זענען אין יענער צייט פֿאָרגעקומען בעדייַ־טענדע ערשיינונגען. די פּויפּסטען, וועלכע האָבען די גאַנצע צייט געהאַלטען פֿאַר איינס מיט דער רעאַקציע, האָבען געמאַכט אַ גרויסען שריט פֿאָרווערטס. מען האָט דאַמאָלט אויסגעקליבען פֿאַר אַ פּויפּסט דעם ליבעראַלען פּיוס דעם 9־טען. ער האָט אָנגעהויבען אַריינצו־פֿיהרען פֿערשידענע רעפֿאָרמען אין דער מדינה, וואָס איז געשטאַנען

אונטער זיין רשות, און האט געגעבען אמניסטיע אלע פאליטישע פערברעכער. דאס האט געמאכט א שטארקען איינדרוק. פערשידענע קליינע און גרויסע הערשער אין אנדערע איטאליענישע מדינות, האבען נאכגעטהאן דעם פויפסט און האבען ביי זיך אויך איינגעפיהרט רעפארמעס.

איינינע האבען געהאלטען דיזע ליבעראלע שטימונג פאר א גינסטיגען מאמענט, כדי צו דערשלאגען זיך אנ'אומענדערונג אין די געזעצען בנוגע צו דער פרעסע. ביים פראפעסאר אויף דער פערזאמלונג האבען איינינע ליבעראלען פארגעלעגט צו דערלאנגען א פעטיציע דעם גרויסהערצאג פון פלארענטיניען, אנדערע האבען אויסגעלאכט דעם פארשלאג און האבען געזאגט, אז דורך אזעלכע פרידליכע פעטיציעס וועט די געזעלשאפט גאר ניט אויספיהרען: די רעגירונג לעגט אויף דעם קיין שום אכטונג ניט. מען האט נאך געזאגט, אז אזא מין שפיעלען זיך מיט דער רעגירונג וועט צו קיין זאך ניט ברענגען, אז מען דארף אויפהויבען די פאלקסמאסען און נור דאן וועט מען זיך דערשלאגען וועלכע עס איז פערבעסערונגען פאר'ן פאלק און פאר גאנץ איטאליען. אסך מענשען מיט א ווייטען קוק האבען גע'טענה'ט, אז עס איז גלאט ניטא וואס נתפעל צו ווערען פון דעם פויפסט'ס רעפארמען, אז מען דארף זיך זעהר פארזיכטיג בעציהען צו דעם, ווייל די יעזואיטען וועלען טהאן דאס זייעריגע און אזוי ווי פריהער, וועלען זיי זיך לאזען אויף אינטריגעס, מרידות און וועלען אוועקשיקען אויף יענער וועלט די, וועלכע מען וועט ניט קענען אונטערקויפען. די דעבאטען זענען געווען זעהר הייסע.

אויף דער דאזיגער פערזאמלונג איז געווען נור איין פרוי. זי האט געשוויגען די גאנצע צייט פון די הייסע וכוחים, און האט אראבגעלאזען די אויגען פער'חלומ'ט צו דער ערד.

דאס איז געווען דזשעממא, ארטור'ס אמאליגע פריינדין. אין דעם משך פון די 13 יאהר האט זי אריבערגעטראגען א היבש ביסעל צרות. זי האט התונה געהאט מיט באללא'ן, פון וועלכען זי האט געהאט א קינד, וואס איז געשטארבען פון סקארלאטין. אין א קורצער צייט ארום איז אויך איהר מאן געשטארבען פון שווינדזוכט. אויסערדעם איז ווי א שווערער שטיין געלעגען ביי איהר אויפ'ן הארצען דאס, וואס זי איז שולדיג געווען אין ארטור'ס טויט, וועלכען זי האט אומזיסט הושד געווען אין פערראטונג. די אלע געדאנקען האבען איהר שטארק געקווועלט און זי האט פון זיי שרעקליך געליטען. דאך, האט זי נאך געלעבט, ווייל זי האט גערעכענט האטש מיט וואס

עס איז בראַכט נוצען איטאַליען אין דעם אונגליקליכען איטאַ-
ליענישען פאָלק.

אַלע מיטגליעדער פון „יונגען איטאַליען“ האָבען וועהרענד גע-
שעצט סיניאָראַ באַללאַ און געשעצט איהרע עצות. דעריבער האָבען
זיי אויך איצט זיך געווענדט צו איהר:

— ווי איז אייער מיינונג, סיניאָראַ באַללאַ?

דזשעממאַ האָט אויפגעהויבען די אויגען און געזאָגט:

— געוויס, מיט די יעזואיטען דאַרף מען קעמפפען מיט פערשיי-
דענע מיטלען. וואָס אָנבעלאַנגט די פעטיציע צום גרויסהערצאָג, רע-
כען איך, אַז דאָס איז מעהר ניט ווי אַ קינדערשפּיעל.

— קענט איהר עפּעס אָנווייזען אַנ'אַנדער מיטעל?

— דער שפּאָט — דאָס איז דאָס סאַמע בעסטע וואַפען, — האָט
דזשעממאַ געענטפערט — אויב אונז וועט זיך נור איינגעבען אויס-
צולאַכען די יעזואיטען, מאַכען לעכערליך זיי מיט זייערע פאָדערונ-
גען, דאַן וועט זיין דער נצחון אויף אונזער זייט גאַר אָהן בלוטפער-
גיסען. מיר שיינט, עס וואָלט געווען גוט אַרויסצוגעבען פאָלקס-
בלעטלעך, מיט פערשיעדענע בילדער און פאַנאַנדערגעבען זיי דעם
עולם.

פיעלע האָבען איינגעשטימט מיט איהר, נור זיי האָבען אָנגע-
וויזען אויף דעם, אַז דערצו מוז מען האָבען אַ טאַלאַנטפאָלען סאַטיריק,
וועלכער זאָל צוזאַמענשטעלען די בלעטלעך אי אין פּראָזע, אי אין
פּאָעזיע.

נאָך קורצע דעבאַטען איז די פראַגע בעשלאָסען געוואָרען אין
דעם זין, אַז מען דאַרף איינלאַדען די „ביהן“, דעם טאַלאַנטפאָלען
שריפטשטעלער און טהעטיגען רעוואָלוציאָנער ריוואַרעס, וועלכען
מען האָט אַ נאָמען געגעבען „ביהן“ צוליב זיין שאַרפע, גיפטיגע צונג.
מען האָט וועגען איהם אויפ'ן פערזאַמלונג גופא דערצעהלט אַ סך
אינטערעסאַנטע מעשיות.

ער האָט אַ לאַנגע צייט אַרומגעוואַנדערט אין אַמעריקאַ, וואו
ער האָט געקעמפפט פאַר די אַרגענטינישע רעפּובליק און פאַר
פאָלקספרייהייט. מען האָט איהם דאָרט שרעקליך פערוואונדעט. ווען
ער איז געקומען אין איטאַליען, האָט ער גענומען אַ טהעטיגען
אַנטהייל אין אַנ'אויפשטאַנד אין די אַפּענינען. דער אויפשטאַנד
האָט זיך ניט איינגעגעבען, מען האָט איהם מיט נאָך אַ פולע קאַמעראַ-
דען, פערמשפט צום טויט. איהם האָט זיך אָבער איינגעגעבען צו
ענטלויפען און צו בעהאַלטען זיך אַ לאַנגע צייט. ער האָט זיך אַפילו
איינמאָל אָנגעטהאָן ווי אַ סאָלדאַט, און איז אַרומגעגאַנגען איבער

איטאליען ווי אַנ׳אַלטער סאָלדאַט, וועלכער זוכט זיין פאָלק. איהם האָט זיך איינגעגעבען צוזומאַכען זיך צו אַ קאָמפּאַניע שפּיאָנעס מיט וועלכע ער איז אַרומגעפּאָהרען אַ גאַנצען טאָג. ער האָט זיי דערצעהלט, וואָס פאַר שרעקליכע יסורים עס האָבען איהם אָנגעטהאָן די בונטאָווּ־שטשיקעס, צו וועלכע ער איז אַריינגעפאַלען אין געפאַנגענשאַפט, ווי זיי האָבען איהם אַוועקגעפיהרט אין די בערג און געפּייניגט דאָרטען. די שפּיאָנעס האָבען איהם געוויזען די פערשריבענע סמנים זיינע, און ער האָט זיי דערצעהלט פערשידענע נאַרישקייטען וועגען דעם אויסוואורף, וואָס רופט זיך אָן מיט דעם נאָמען „ביהן“. דערנאָך ביינאַכט, ווען אַלע זענען אַנשלאָפען געוואָרען, האָט ער אויסגענאָסען אַנ׳עמער וואַסער אין זייערע פולווער, האָט אָנגעפאַקט די קעשענעס מיט שפּייז און קריעגס־מאַטעריאַלען און איז ענטלאָפען. נאָר מערקווירדיג איז דאָס, וואָס אין די פערשריבענע סמנים זיינע, איז אָנגעוויזען, אַז ער הינקט צו, אַז איהם פעהלט צוויי פינגער אויף דער לינקער האַנד, אַז ער שטאַמעלט און אַז ביי איהם אויפ׳ן געזיכט איז דאָ אַ שניט. ניט קוקענדיג אויף די אַלע סמנים, האָבען דאָך די שפּיאָנעס איהם ניט דערקאָנט, אַזוי קונציג האָט ער זיי גענאַרט. מען האָט אויך געזאָגט, אַז די „ביהן“ איז אַ טויט־פיינד פון די יעזואיטען. נאָך אַ לאַנגען ישוב הדעת האָט מען די פערזאַמלונג פערענדיגט מיט דעם בעשלוס אַרויסצוגעבען בלעטלעך פאַר׳ן פאָלק און איינצולאַדען די „ביהן“ אין זייער געזעלשאַפט.

## II.

אין גיכען איז דער בערידהמטער סאַטיריק געקומען צופאָהרען אין פלאָרענץ.

די „ביהן“ איז געוועזען טונקעל, ווי אַ מולאַט, און פלינק ווי אַ קאַץ. זיין גאַנצער אויסזעהען האָט געהאַט אַ געוואַלטיגע עהנליכ־קייט אָן אַ שוואַרצען יאַגואַר.

דער שטערן און די לינקע באַק זענען געוועזען שרעקליך צו־קאַלעטשעט דורך אַ לאַנגען שניט פון אַ שווערד, און ווען ער פלעגט רעדען, פלעגט זיך דאָס דאָזיגע האַלבע געזיכט נערוועז בעוועגען.

אויסגעזעהען האָט ער ווי אַ פראַנט, די בעציהונגען זיינע צו מענשען זענען געווען העזה׳דיגע און שפּאָטישע און אין זיי איז נעלעגען אַ פערבאָרגענער געהיימער ווערטאָג. קיינער וואָלט נישט דערקענט אין דעם דאָזיגען העזה׳דיגען, פראַנטישען, צוקאַלעטשע־טען מענשען דעם אַמאָליגען אַרטור, דעם אונשולדיגען יונגלינג מיט

דער רייַנער נשמה, וואָס האָט געליִבט די מענשען און די גאַנצע וועלט.

אויף דזשעממאַ'ן האָט ער געמאַכט ניט קיין אַנגענעהמען איינדרוק מיט זיין צו פרייעם האַלטען זיך. שפּעטער האָט זי אָנ־געהויבען צו בעדויערן איהם, און אָט דאָס געפיהל פון רחמנות האָט איהר אַרומגענומען וואָס וויַטער אַליץ שטאַרקער: זי האָט גע־פיהלט, אַז ער איז צוקאַלעטשעט ניט נור פיזיש, נאָר אויך מאָראַ־ליש, אַז ניט נור זיין גוף, נאָר אויך זיין נשמה איז פערוואונדעט, זיין נשמה, וואָס איז אפשר געוועזן אַזוי ריין און פול ליעבע, ווי די נשמה פון דעם אומגעקומענעם אַרטור. צייטענווייז, ווען די „ביהן" פלעגט אויף איהר אָנהויבען צו קוקען מיט זיינע שטראַהלענדע בלאָהע אויגען, וועלכע האָבען אויסגעזעהען אַזוי אונשולדיג, פלעגט איהר אַרויף אויפ'ן זינען אַרטור און זי פלעגט דאַן אַ ציטער טהאָן.

די „ביהן" האָט רעוואָלוציע געטהאָן זיין זאַך. ער האָט אונער־מידליך פערפאָלגט די גייסטליכע און די יעזואיטען אין זיינע פאַמ־פלעטען, וועלכע פלעגען פערשפּרייט ווערען איבער גאַנץ איטאַ־ליען און אויפרעגען דעם עולם. זיינע אָנפאַלען זענען געוועזן אַזוי ניפּטיג און שאַרף, אַז די פּאַרטיי, וועלכע האָט איינגעלאַדען די „ביהן" אַלס אַ מיטאַרבייטער, האָט בעשלאָסען, אַז זיין שרייבען איז שוין צו שאַרף. איין אַרטיקעל האָט זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט מיט זיין שניידיגקייט. די „ביהן" האָט אין איהם אויסגעלאַכט די ווילדע שמחה, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ איטאַליען צוליעב דעם, וואָס מען האָט אויסגעוועהלט אַ נייעם פּויפּסט. ער האָט זעהר בייז פערגליכען איטאַליען מיט אַ שכור'ן, וואָס וויינט צערטליך אויפ'ן פּלייצע פון אַ גנב, וועלכער לעדיגט אויס זיינע קעשענעס. ער האָט געשריבען, אַז אַלע איטאַליענער זענען פערשכור'ט פון די פּראָצעסיעס, פון דעם האַלטען זיך, און פון די אויפרופען צו ליעבע און מחילה, און אַז די יעזואיטען וועלען זיך מיט דעם בענ־נוצען פאַר זיך.

די מיטגליעדער פון קאָמיטעט האָבען בעשלאָסען צו בעטען די „ביהן" ווייכער צו מאַכען זיינע סאַטירישע אַרטיקלען. אָט די שליחות האָט מען אַרויפגעלעגט אויף דער סיניאָראַ באָללאַ אַלס אַ מעהר אָבגעהאַלטענערע און טאַקטישערע פון זיי.

III.

די „ביהן" איז געזעסען ביים טיש, אויף וועלכען ס'זענען גע־ווען אָנגעשטעלט אַ סך בלומען, און האָט געקוקט פערטראַכטער־הייט אַרום זיך. אויף די קניע איז ביי איהם געלעגען אַ פאַנאַנדער־

געהתמעטער בריעף. אַ גרויסער קודלעוואַטער הונד, וועלכער איז געלעגען ביי זיינע פיס, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט אָנגעהויבען פערשטיקט צו בילען בעת ד ז ש ע מ מ אַ איז אַריין. די „ביהן“ האָט זיך שנעל אויפגעהויבען און האָט זי בעגריסט אויף דעם אָפּיציעלען אופן; זיין געזיכט איז מיט אַמאָל געוואָרען ביז טרוקען. ער האָט זי קאַלט אויפגענומען. ד ז ש ע מ מ אַ האָט בעמערקט, אַז איהם האָט זיך געוועלט גיכער פטור ווערען און דעריבער האָט זי גלייך אָנגעהויבען צו רעדען וועגען איהר ענין.

— די מעהרהייט פון די מיטגליעדער רעכענט, אַז די שאַרפקייט פון אייערע סאַטירישע אַרטיקלען וועט בעליידיגען און אָבשטויסען פון אונז זעהר אַ סך מענשען; זייער הילף און שטיצע זענען אָבער זעהר וויכטיג פאַר די פּאַרטיי.

בעת ד ז ש ע מ מ אַ האָט נאָך געהאַלטען אין רעדען, האָט די „ביהן“ אַרויסגענומען פון וואַזע אַ קווייטעלע הריזאַנטעמע און האָט אָנגעהויבען פּאַמעלעך אָבצורייסען איין ווייס בלעטעלע נאָך דעם צווייטען. אַ מאָדנעם געפיהל האָט אָנגעכאַפּט ד ז ש ע מ מ אַ'ן בעת זי האָט בעמערקט די בעוועגונג פון זיין רעכטער עדעלער האַנד, וועלכע האָט געוואָרפען די בלעטלעך. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז די דאָזיגע האַנד־בעוועגונג האָט זי שוין פריהער ערגעץ געזעהען.

די „ביהן“ האָט איהר געענטפערט, אַז אומזיסט האַלט זיך דער קאָמיטעט אָן אַזאַ מיינונג און זעהט ניט זיינע פיינד מיט מ אָ נ ט אַ נ ע ל י'ן בראש. ד ז ש ע מ מ אַ'ן האָט פערוואונדערט זיין כעס אויף מ אָ נ ט אַ נ ע ל י'ן.

גלייך נאָך דעם האָט איהר די „ביהן“ מיטגעטיילט, אַז מ אָ נ ט אַ נ ע ל י האָט בעקומען אַ וויכטיגע שטעלע — אַז ער איז געוואָרען קאַרדינאַל און וועט אין גיכען קומען צופאָהרען אַהער, כדי צו בערוהיגען דעם עולם. דאָס ציעל פון זיין קומען איז — ניט דערלאָזען, אַז די בעגייסטערונג פון פאָלק צום נייעם פויפּסט זאָל זיך אָבקיהלען. ער וועט האַלטען דרשות אין פ ל אָ ר ע נ ץ, אין פ י ז אַ און אין אַנדערע שטעדט און וועט כלומר'שט ציציהען צו זיך די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, כדי אָבצורייסען דאָס פאָלק פון רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען. די יעזואיטען בענוצען זיך מיט איהם זעהר קונציג, און ער אַליין, ווייזט אויס, איז אַ גרויסער נאַר. ער פערשטעהט דאָס ניט און טהוט זיין זאַך גאַנץ אויפריכטיג.

צום סוף האָט די „ביהן“ געזאָגט ד ז ש ע מ מ אַ'ן, אַז ער וועט זיך גערן אָבזאָגען פון פיעלע צו־שאַרפע שטעלען אין זיין סאַטירע. ער בעט אָבער, מען זאָל איהם דערפאַר געבען דאָס רעכט

זאָט אָנצילאַכען זיך אַ צווייטעס מאָל, דאַן, ווען זיין הייליגקייט, דער קאַרדינאַל מאָנטאַנעלי, וועט קומען צופאָהרען אין פלאָרענץ. דאָס אַלץ האָט די „ביהן“ גערעדט מיט אַ ביזוען, גלייכגילטיגען טאָן, אָבער זיינע הענד האָבען בשעת מעשה געציטערט פון שטאַרקער אויפרעגונג.

סוף כל סוף האָבען זיי נאָכדעם דורכגעקוקט דעם פאַמפלעט, פערענדערענדיג עטוואָס די שאַרפע ערטער. אָבער, עס איז געווען צו בעמערקען, אַז דער כעס געגען מאָנטאַנעלי האָט די „ביהן“ ניט געלאָזען רוהען.

IV.

מאָנטאַנעלי איז געקומען צופאָהרען קיין פלאָרענץ אין אָנפאַנג אָקטאָבער. אַלע האָבען ערוואַרט פון איהם אַ „נייע לעהרע“ — אַ יעוואַנגעליום פון ליעבע און אַלגעמיינער איינינקייט, וועלכע דאַרף אויסהיילען אַלע איטאַליענ׳ס וואונדען.

מאָנטאַנעלי האָט געפרעדיגט אין דער הויפט־קירכע. די גרויסע געביידע איז געווען געפאַקט מיט אַ דורשטיגער מהנה צוהערער. צווישען זיי האָט זיך אויך אַיינגעפונען דזשעממאַ מיט איהר שטענדיגען פריינד, דעם חבר מאַרטיני. איהר האָט שטאַרק וועה געטהאָן דער קאָפּ. זיי זענען אַרויס פון קירכע נאָך פאַר׳ן סוף. דזשעממאַ׳ן האָט זיך שטאַרק געוואָלט געהן דורך יענעם אָרט, וואו מאָנטאַנעלי האָט געדאַרפט דורכפאָהרען: זי האָט געוואָלט אָנקוקען פון דער נאָהענט דעם בעריהמטען פרעדיגער, וועלכען זי האָט אַמאָל געקענט.

— צו וואָס האָט זיך דאָס אייך עפּעס פערוואָלט אָנקוקען מאָנטאַנעלי׳ן, — האָט מאַרטיני געזאָגט אונצופריעדען, — ביז איצט האָבען אייך, דאַכט זיך, נישט אינטערעסירט קיין בעריהמטע פרעדיגער.

דזשעממאַ האָט געענטפערט:

— דאָ האַנדעלט זיך ניט מכח אַ בעריהמטען פרעדיגער, נור וועגען אַ מענשען. איך וויל אַ קוק טהאָן, צו האָט ער זיך שטאַרק אומגעביטען פון יענער צייט אָן, ווען איך האָב איהם דאָס לעצטע מאָל געזעהען.

— ווען איז דאָס געווען?

אין צוויי טעג אַרום נאָך אַרטור׳ס טויט.

דאָ האָט איהם דזשעממאַ דערצעהלט, אַז נאָך אַרטור׳ס טויט, ווען מען האָט געזוכט זיין טויטען גוף, איז צו זיי געקומען מאָנטאַנעלי און האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף איהר פאָטער. יע־

נער איז אָבער ניט געווען אין דער היים. — איך בין דרייסט צו-געגאַנגען צום גלח און געזאָגט: „פּאַטער מ אָ נ ט אַ נ ע ל י, איך וויל אייך וואָס זאָגען!“ ער האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט מיך אויס-געהערט שווייגענדיג. איך האָב געזאָגט: „איך בין דאָקטאָר װ אַ ר ע נ ס טאָכטער און איך מעלד אייך, אַז איך האָב געטויט אַ ר ט ו ר ' ן.“ איך האָב איהם חערביי אַלץ דערצעהלט, ער איז גע-שטאַנען, ווי אַ פּערשטיינערטער, און האָט געהאָרכט; נור ווען איך האָב געענדיגט, האָט ער זיך אָבגערופען: „בערוהיגט זיך, מיין קינד. געהרגעט אַ ר ט ו ר ' ן האָט ניט איהר, נאָר איך! איך האָב איהם גענאַרט, און ער האָט ענטדעקט, אַז איך נאַר איהם“.

ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך גלייך אומגעקעהרט און איז אַרויס פון טויער.

— נו, און דערנאָך?

— וואָס מיט איהם איז געווען דערנאָך, ווייס איך ניט. איך געמזעלבען אָבענד האָט מען מיר דערצעהלט, אַז אויפ'ן גאַס האָט איהם אָנגעכאַפּט אַ קאָנוואולסיע און מען האָט איהם אַריינגעטראָ-גען אין אַ הויז נעבען די דאָקען. מיין פּאַטער, זעהענדיג, אַז איך בין פערצווייפעלט, האָט מיך אַוועקגעפיהרט קיין ענגלאַנד, ווייטער פון די דאָזיגע אַלט-בעקאַנטע ערטער. ער האָט מורא געהאַט איך זאָל זיך אויך ניט אַריינוואַרפען אין וואַסער. אין דער אמת'ן האָט עס געהאַלטען ניט ווייט פון דעם. מיין פּאַטער איז אָבער נאָכ-דעם קראַנק געוואָרען, און איך בין אַרומגעגאַנגען אַרום איהם די גאַנצע צייט ביז זיין טויט. נאָך זיין טויט בין איך געבליבען אַליין מיט קליינע קינדער אויף די הענד, ביז וואַנען מיין עלטערער ברו-דער האָט זיי ניט צוגענומען צו זיך. דערנאָך, ווייסט איהר דאָך, האָב איך ליעב געקראָגען ד ז ש י אָ װ אַ נ י ן. בשעת ער איז געקומען צופאָהרען אין ענגלאַנד, האָבען מיר מורא געהאַט פאַר דאָס ער-שטע בעגעגעניש — די שרעקליכע ערינערונג וועגען אַ ר ט ו ר ' ן האָט געשוועבט צווישען אונז. ער האָט אַזוי שטאַרק הרטה געהאַט איך זיין שולד, אין זיין אונגליקליכען בריעף פון טורמע. נאָר, מיר דוכט, פערקעהרט, אַז דאָס אַלגעמיינעס אונגליק האָט אונז דאַמאָלסט דער-נעהענטערט.

מ אַ ר ט י נ י האָט אַ שמייכעל געטהאָן און אַ שאָקעל געגעבען מיט'ן קאָפּ.

— איך ווייס, ווי עס איז מיט אייך צוגעגאַנגען, אָבער ב אָ ל-ל אַ האָט אייך פון דער ערשטער מינוט אָן ליעב געקראָגען. ער פלעגט שטענדיג זיין אַזוי ענטציקט פון אייך, אַז מיר פלעגט שטאַרק

דערעסען הערענדיג איהם שטענדיג רעדען וועגען דער ענגלענדעריז ד ז ש ע מ מ א; איך האב אייך דאן פיינד געקראגען. נאר אט איז דער קארדינאל!

א קארעטע איז געפאהרען איבער'ן בריק; אין איהר איז געזעסען מ א נ ט א נ ע ל י: אנגעלעהנט אויף קיסענס. זיין געזיכט איז געווען בעדעקט מיט קנייטשען און אויף איהם זענען געלעגען די שפורען פון דאגות און פערמאטערטקייט. ד ז ש ע מ מ א האט טרויעריג א קוק געטהאן אויף איהם.

— איך פרעג מיך אפט, — האט זי אנגעהויבען נאך א קורצען שווייגען, — וועגען וואס פאר רמאות האט ער דאמאלסט גערעדט. אפטמאל קומט מיר אויפ'ן זינען, אז צווישען איהם און א ר ט ו ר'ן איז דא א מאדנע עהנליכקייט. א ר ט ו ר'ס מוטער איז געווען א זעלטען גוטע פרוי, נאר זי האט שטענדיג אויסגעזעהען דערשראקען, אזוי ווי מען וואלט איהר געכאפט ביי א פערברעכען. איך רעכען, אז א ר ט ו ר איז ניט קיין אמת'ער ב ע ר ט א ן.

— אפשר, האט ער זיך עפעס דערוואוסט וועגען זיין מוטער און דאס איז געווען די סיבה פון זיין טויט, און ניט דער פעררראט פון דעם גלה ק א ר ד י? — האט מ א ר ט י נ י געזאגט. — קיין אנדער טרייסט האט ער אין דער מינוט ניט געקענט געפינען פאר איהר.

ד ז ש ע מ מ א האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

— ווען איהר וואלט געזעהען דעם אויסדרוק פון זיין פנים, בשעת איך האב איהם געגעבען א פאטש, וואלט איהר דאס ניט געזאגט.

א געוויסע צייט זענען זיי געגאנגען שווייגענדיג.

— מיין טייערער פריינד, — האט צום סוף מ א ר ט י נ י געזאגט, — דאס אלץ איז שרעקליך, אבער לאמיר לאזען די טויטע צורוה; איצט איז דער ארעמער יונגלינג אפשר גליקליכער פון א פולע לעבעדיג געבליבענע הבריה, וועלכע געפינען זיך אין טורמע אדער אין דער פרעמד. מיר דארפען טראכטען נור וועגען אט די אומגליקליכע. דערמאנט זיך שעלליס ווערטער: „די פערגאנגענהייט געהערט דעם טויט, די צוקונפט איז אבער אין אונזערע הענד". מען דארף טראכטען ניט וועגען דעם, וואס איהר האט עפעס אמאל ניט גוט געטהאן, נור וועגען דעם, וואס מיר קענען עפעס איצטער נוצליכעס אויפטהאן.

דער אויפגערעגטער מ א ר ט י נ י האט גענומען די יונגע פרוי פאר'ן האנד. ער האט זי אבער ארויסגעלאזען און האט געמאכט א בעוועגונג אויף צוריק, ווייל ער האט דערהערט הינטער זיך א

ווײַלע און אַ ציִהענדע שטים. דאָס איז געוועזן די „ביִהן" און זיין פריינד, דער דאָקטאָר ריקאַרדאָ.

די „ביִהן" איז געשטאַנען מיט אַ ציגאַר אין האַנד, מיט אַ בלומעלע אין קנאָפּלעכעל, און האָט זיי דערלאַנגט זיין דינע האַנד אין אַ פיינעם האַנדשוה.

די העלע זון האָט בעלויכטען זיין גאַנצע פיגור; מאַרטינין האָט זיך געדוכט, אַז ער איז ניט אַזוי העסליך און אַז ער איז מעהר פּראַנטיש. מאַרטיני האָט איהם אָהן חשק געגעבען די האַנד. פּלוצלונג האָט ריקאַרדאָ אַ געשריי געטהאָן:

— מיר דוכט, אַז סיניאָראַ באָללאַ'ן איז נישט גוט געוואָרען.

דזשעממאַ איז געוועזן אַזוי בלאַס, אַז איהר געזיכט האָט אויסגעזעהען טויט.

— איך וועל אַוועקפאָהרען אַהיים, — האָט זי געזאָגט מיט אַ שוואַכער שטים.

מען האָט צוגערופען אַ דראָזשקע, און מאַרטיני האָט זיך אַריינגעזעצט מיט איהר צוזאַמען. אַז די „ביִהן" האָט זיך איינגעבויגען, צו פאַררייכטען איהר קלייד, וואָס איז געהאַנגען איבער'ן ראָד, און אַ קוק געטהאָן אויף איהר, האָט זיך דזשעממאַ אָבגעקעהרט אַ דערשראָקענע.

— וואָס איז מיט אייך, דזשעממאַ? — האָט מאַרטיני געזאָגט, ווען די דראָזשקע איז אָבגעפאָהרען. — וואָס האָט אייך געזאָגט, דער פּאַסקודניק?

— גאָרנישט, טשעזאַרע! איך... איך האָב זיך דערשראָקען... מיר האָט זיך אויסגעדוכט. זי האָט צוגעמאַכט די אויגען מיט'ן האַנד און איז אין אַ קורצע צייט אַרום געקומען צו זיך.

— איהר זייט גערעכט, — האָט זי געזאָגט מיט איהר געוועהנליכער שטים, — מען דאַרף זיך ניט אַרומקוקען צוריק אויף די פערגאַנגענהייט. דאָס מאַכט קאַליע די נערווען. לאָמיר בעסער וועגען דעם מעהר קיינמאָל ניט רעדען, וואָרום מיר דוכט זיך, אַז איך זעה רק אַרטור'ן, אין יעדען מענשען וועמען איך בעגעגען — דאָס איז אַ קאָשמאַר אין מיטען העלען טאָג. אָט איצט אויך, ווען דער דאָזיגער העסליכער פּראַנט איז צוגעגאַנגען צו מיר, האָט זיך מיר אָבגעדוכט, אַז דאָס איז אַרטור.

V.

די „ביהן" האָט געקענט זיך שאַפען פיינד. ער איז געקומען צופאָהרען אין פלאָרענץ אין אויגוסט, און סוף אָקטאָבער איז דער גרעסטער טייל חברים זיינע פון קאָמיטעט פונ'ם „יונגען איטאַליען" שוין געווען געשטימט געגען איהם. אפילו זיינע אָנהענגער איז אויך נישט געפעלען געוואָרען די משונה'דיגע וידלערייען, מיט וועלכע ער איז אָנגעפאַלען אויף מאָנטאַנעלי'ן. זיי האָבען געטענה'ט, אַז עס איז ניטאָ אַזוי פיעל אָרענטליכע קאַרדינאַלען, און דעריבער וואָלט ניט געשאַדט צו בעגעהן זיך אַ ביסעל ווייכער מיט דעם גוטען און אָרענטליכען מאָנטאַנעלי.

מאָנטאַנעלי אַליין איז אָבער געבליבען גאַנץ גלייכגילטיג צו די שטורמדיגע אָנפאַלען. איינמאָל, ווען ער איז געזעסען צו מיטאָג ביים אַרכיבישאָף, האָט ער דערזעהען איינעם פון די „ביהן"'ס בייזעסטע פאַסקווילען. מאָנטאַנעלי האָט איהם איבערגעלייענט און איבערגעבענדיג דעם בישאָף, האָט ער געזאָגט.

— ניט אמת? איז דאָס ניט נאַריש אָנגעשריבען?

איינמאָל האָט זיך אין שטאָדט בעוויזען אַ סאַטירישעס בלעטעל, פול מיט פערזענליכע בעליידיגונגען און שמוציגע השערות אויף מאָנטאַנעלי'ן. גאַנץ פלאָרענץ האָט געהאַלטען דאָס בלעטעל פאַר אונווירדיג און ניט פיין און דאָך האָבען זיך אַלע געקייקעלט לאַכענדיג.

די „ביהן" האָט געוואוסט, וואו אַ ביס צו טהאָן. הגם אַרום מאָנטאַנעלי'ן האָבען זיך נאָך, ווי פריהער אַרומגעקליבען גאַנצע מחנות התפעלות'דיגע פערעהרער, דאָך פלעגען זיך ציטענווייז הערען אונטער דער „ביהנ"'ס ווירקונג, איינציגע געשרייען: „יעזואיט, שפיאָן!"

ביי מאָנטאַנעלי'ן האָבען אָבער אויך ניט געפעהלט קיין פערטיידיגער. אין צוויי טעג אַרום איז אין שטאָדט ערשיענען אַ בלעטעל, אַנגעטפער דער „ביהן". דאָס איז געווען אַ היסע, פייערדיגע פערטיידיגונג פון מאָנטאַנעלי'ן; דער פערטיידיגער האָט אַ סך גערעדט וועגען דעם נייעם פויפסט, ווי וועגען אַ נביא פון אַ נייער לעהרע,' וואָס ברענגט פריעדען און גוטס אויף דער ערד. אויך האָט ער גערעדט וועגען מאָנטאַנעלי'ס גוטסקייט און ערליכקייט. ער האָט פערשוואָרען פייערליך דעם עולם ניט צו גלויבען דעם שענדליכען רכילות'ניק און האָט געפאָדערט ביי דער „ביהן" בעווייזען פון זיינע בעשולדיגונגען.

דאָס בלעטעל איז געווען אונטערגעשריבען פֿון „אַ זוהן פֿון דער קירכע“.

קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער איז דאָס אַזוינס דער טאַלאַנטפֿאָלער פֿערטיידיגער פֿון דער קירכע; ווענען איהם האָט מען גערעדט אין אַלע קאַפֿע־הייזער פֿון פֿלאָרענץ, קיינער האָט אָבער ניט דערקענט דעם פֿערפֿאַסער.

די „ביהן“ האָט געענטפֿערט מיט נייע זידלערייען אויף'ן פּויפּסט און זיינע העלפֿער, בעזונדערס אויף מאָנטאַנעלי'ן, און האָט אָנגעוואונקען, אַז דער פֿערטיידיגער האָט, ווי עס ווייזט אויס, געשריבען מיט מאָנטאַנעלי'ס איינשטימונג. די דאָזיגע פּאָלעמיק האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט, כל זמן מאָנטאַנעלי האָט געוואוינט אין פֿלאָרענץ.

פֿאַר'ן אָבפֿאָהרען האָט מאָנטאַנעלי זיך געזעגענט אין אַ רעדע, וואו ער האָט פֿעראורטיילט די הייסע וכוחים, וואָס זענען אַרויסגעקומען צוליעב איהם. ער האָט געבעטען זיין פֿערטיידיגער אָבצוּוואַרפֿען דעם נוצלאָזען און ניט שעהנעם ווערטער־קאַמפּף.

אויף מאָרגען האָט דער „זוהן פֿון דער קירכע“ דורך אַ צייטונג געמעלדעט, אַז לויט מאָנטאַנעלי'ס ביטע ענטזאַגט ער זיך פֿון ווייטערדיגע וכוחים; און נאָך מיט אַ טאָג שפּעטער האָט די „ביהן“ געמעלדעט, אַז מאָנטאַנעלי'ס ווייכקייט האָט איהם אינגאַנצען ענטוואָפֿענט, אַז ער איז גרייט אַפֿילו צו פֿערגיסען טרעהרען פֿון שלום אויף'ן האַלז פֿונ'ם ערשטען בעסטען יעזואיט, הערלכע ער וועט אַנטרעפֿען.

VI.

די „ביהן“ האָט געפֿיהרט זעהר אַ טהעטיג לעבען. ער האָט, למשל, גענומען זעהר אַ נאָהענטען אַנטייל אין אַ פּאָליטישער בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען אין דעם פּויפּסט'ס פּראָווינץ. ווי דער אויפֿשטאַנד איז פֿערשטיקט געוואָרען, איז ער געקומען צוריק אין פֿלאָרענץ, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר ניט געשעהען.

אין דער „ביהנ'ס“ נאַטור איז עפּעס געלעגען אַ שטענדיגע אונרוהיגקייט, צוטראָגענהייט. ער איז געווען אַ צובראָכענער מענש. צייטענווייז פֿלעגט ער זיין זעהר שאַרף, פֿלעגט פֿון אַלץ מאַכען חוזק, צייטענווייז פֿלעגט ער אָבער אַרויסווייזען די גרעסטע ווייכקייט, גוטסקייט און אַ מיטגעפֿיהל צו אַלע ליידענדע און אומגליקליכע. אָפּטמאָל פֿלעגט ער ווערען אויסער זיך פֿון סאַמע פּשוט'ע זאַכען. איינמאָל

בּעת אַ זיצונג, אויף וועלכער מען האָט בּעטראַכט די פֿראַגע, ווי צו העלפֿען דעם פֿאָלק אין אַ הונגערנויט, איז פֿערבּיי די פֿענסטער פֿערבּייגעגאַנגען מיט געוויש און געפּילדער אַ וואַנדערנדער ציִרק. די „בּיהן“ איז געוואָרען שרעקליך אויפֿגערעגט, זיין פּנים האָט זיך אויסגעקרימט פֿון שרעק און איז אַזוי פֿערגליווערט געוואָרען. און נור מיט ד ז ש ע מ מ אַ ס הילף איז ער געקומען צו זיך.

איינמאָל איז די „בּיהן“ שטאַרק קראַנק געוואָרען. ער האָט געפֿיהלט שרעקליכע ווערהטאָגען. געליטען האָט ער פֿון אַנאַלטער נערווען־קראַנקהייט. זיינע חבֿרים האָבּען זיך מיט איהם שטאַרק מתעסק געווען און אַ דאַנק דער גוטער אָבּהיטונג איז ער פּאַמעלעך בּעסער געוואָרען.

בּשעת ער איז געלעגען קראַנק, איז צו איהם איינמאָל געקומען געוואָהר ווערען סיניאָראַ בּ אָ ל ל אַ. די „בּיהן“ האָט זיך לכתחילה שטאַרק אויפֿגערעגט, בּיסלעכווייז איז ער אָבּער געקומען צו זיך און האָט איהר דערצעהלט מכּה דעם שווערען לעבּען, וואָס איהם איז אויסגעקומען צו פֿיהרען אין אַ מ ע ר י ק אַ. ער איז געוועזען אַ קוכער, אַ דינער, מען פֿלעגט איהם שלאָגען און איינמאָל האָט מען איהם אַזוי צוקאַליעטשעט, אַז ער איז שיער ניט געשטאָרבּען. נור ווי עס איז האָט מען איהם אויסגעהיילט. נאָכדעם האָט ער אַרומגעוואַנדערט זוכען אַרבּייט, אַ הונגעריגער, אַ צושלאָגענער אי פֿיזיש אי מאָראַליש, מען פֿלעגט אָבּלאַכען פֿון איהם, פֿון זיין הינקען, פֿון זיין העסליכקייט, אָבּער קיין אַרבּייט האָט ער ניט געקראָגען. זיין העסליכקייט איז איהם אָבּער ענדליך צו ניץ געקומען. מען האָט איהם צוגענומען אין אַ וואַנדערנדען ציִרק. דער ציִרק האָט זיך גענויטיגט אין אַזאַ צוקאַליעטשעטע בּריאה, כּדי קינדער זאָלען האָבּען אין וואָס צו וואַרפֿען אַפּעלסינען און שאָלעכץ. פֿון דאַן אָן איז די „בּיהן“ געוואָרען אַ קלאָון, פֿון וועלכען אַלע פֿלעגען היזק מאַכען. אַ גרויסע שטערענים איז פֿאַר איהם אָבּער געווען דאָס, וואָס ער פֿלעגט אָפֿט קרענקען. דער ציִרק־דירעקטאָר פֿלעגט איהם נויטען קראַנקערהייט אַרויסצוגעהן אויפֿ׳ן סצענע, צו קרימען זיך, צו לאַכען און צו ווייזען פֿערשידענע קונצשטיק. איינמאָל, אין מיטען פֿאָרשטעלונג איז ער געפֿאַלען אין חלשות. דער עולם האָט זיך צונויפֿגעקליבּען אַרום איהם מיט געשרייען און געפּילדער און האָט איהם פֿערוואָרפֿען מיט אַלערליי שמוץ.

די דאָזיגע ערצעהלונג איז געוועזען אַזוי שרעקליך, אַז ד ז ש ע מ־מ אַ האָט איהם געבּעטען אויפֿהערען ווייטער צו דערצעהלען. זי האָט

זיך גאר ניט געקענט פֿאָרשטעלען, אַז אַ מענש זאָל קענען אַריבער־טראָגען אַזויפֿיעל צרות און בעלייַדיגונגען.

נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַ ביסעל בערוהיגט, האָט זי אִיהם אַ פֿראַגע געטהאָן:

— איך וויל אייך פֿאָרלעגען איין פֿראַגע: פֿאַר וואָס האָט איהר זיך ניט איבערגעשניטען דעם האַלז אין יענער צייט?

די „ביהן" האָט אַ קוק געטהאָן אַ פֿערוואונדערטער.

— פֿון אייך האָב איך אַזאַ פֿראַגע ניט ערוואַרט. נו, און וואָס וואָלט געוואָרען מיט מייַן אידעאַל? ווען וואָלט איך איהם איבערגעלאָזען?

— איצט פֿערשטעה איך. אויב איהר האָט דורכגעלעבט די אַלע פּייַניגונגען און זייט געגאַנגען ווייטער צו אייער ציעל, צו דער בעפֿרייַאונג פֿון פֿאָטערלאַנד, זייט איהר דער מוטהיגסטער מענש, וועלכען איך האָב ווען ניט איז געטראָפֿען אויף דער וועלט.

די „ביהן" האָט פֿערדעקט די אויגען מיט'ן האַנד און האָט שטאַרק אַ דריק געטהאָן דזשעממאַ'ס האַנד. אויף אַ רגע איז געוואָרען שטיל. דערנאָך האָט זיך די „ביהן" אַ נייג געטהאָן צו דזשעממאַ'ן און האָט זי שטילערהייט געפֿרעגט:

— זאָגט מיר, האָט איהר ווען עס איז אין אייער לעבען אָבגעטהאָן עפּעס אַ גרויזאַמע זאַך?

דזשעממאַ האָט ניט געענטפֿערט, נור זי האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און גרויסע טרעהרען זענען אַראָבגעפֿאַלען ביי איהם אויפ'ן האַנד.

— זאָגט מיר, — האָט ער געזאָגט אויפֿגערעגט, אַלץ שטאַרקער צונויפֿדריקענדיג איהרע הענד, — זאָגט מיר, איך האָב אייך דאָך מייַנע אַלע צרות אויסגעדערצעהלט.

— יאָ, איינמאָל, מיט אַ סך יאָהרען צוריק בין איך זיך בעגאַנגען גרויזאַם מיט אַ מענשען, וועלכען איך האָב געליעבט מעהר פֿון אַלץ אויף דער וועלט.

די הענד, וואָס האָבען געהאַלטען צונויפֿגעדריקט איהרע הענד, האָבען שטאַרק געציטערט, נור זיי האָבען זיי ניט אָבגעלאָזען.

— ער איז געווען מייַן חבר, ניר איך האָב געגלויבט אין אַ נאַרישער רכילות, וואָס פּאָליציי האָט אויף איהם אויסגעטראַכט. איך האָב איהם געגעבען אַ פּאַטש, אַלס אַ פֿערדעטער, און ער איז אַוועק און האָט זיך דערטרונקען. אין צוויי טעג אַרום האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז געווען אינגאַנצען אומשולדיג. דאָס ליגט אויף מיר ווי אַ שווערער שטיין. איך וואָלט זיך בעסער גע־

לאָזען אָבשנײַדען די רעכטע האַנד, כדי אומצוּוועגדערן דאָס, וואָס איך האָב געטהאָן. עפּעס וואָס געשווינדעס און בייזעס, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט געזעהען בײַ איהם, האָט אַ גלאַנץ געטהאָן אין דער „ביהג׳ס“ אויגען.

מיט אַ פלינקער און אונערוואַרטער בעוועגונג האָט ער אַראָבּגעלאָזען דעם קאָפּ און אַ קוּש געטהאָן איהר אין האַנד.

זי האָט זיך אָבגעקעהרט אַ פערוואונדערטע.

— ניין, — האָט זי טרויעריג אַ געשריי געטהאָן — איהר זאָלט עס מעהר קיין מאָל ניט טהאָן. מיר טהוט דאָס וועה.

— גלויבט איהר דען, אַז דעם מענשען, וועלכען איהר האָט געה׳רגעט, האָט ניט וועה געטהאָן?

— דעם מענשען, וועלכען איך האָב געה׳רגעט?.. אַך... יאָ, מען איז צו אייך געקומען... צײַט אַוועקצוגעהן.

בעת מאַרטיני איז אַרײַן אין צימער, איז דזשעממאַ שוין דאָרטען ניט געוועזען... די „ביהן“ איז געלעגען אין בעט און האָט געריידט צו זיך אַליין טרויעריג, לאַנגזאַם און שטיל...

די „ביהן“ האָט זיך באַלד פערבעסערט אין געזונד. אַלע זײַנע פריינד האָבען איהם בעזוכט אין דער צײַט פון זיין קראַנקהייט. ענדליך איז ער אין גאַנצען געזונד געוואָרען, נור עפּעס האָט ער אָנגעהויבען צו הינקען מעהר ווי פריהער.

VII.

דזשעממאַ האָט אָנגעהויבען אַ פולע צו טראַכטען וועגען דער „ביהן“. אַמאָל פלעגט זיך איהר אויסדאַכטען, אַז דאָס איז אַרטור. זײַנע בלאָהע אויגען, די נערוועזע בעוועגליכקייט פון זײַנע פינגער, די פיעלע אומשטאַנדען פון זײַן לעבען — דאָס אַלץ האָט איהר אַרויפגעבראַכט אויף דעם געדאַנק. זי האָט געדענקט, אַז באַלד נאָכדעם ווי אַרטור איז פערשוואונדען, האָט מען זײַן טויטען קערפּער אַ לאַנגע צײַט געזוכט אין וואַסער, נאָר מען האָט איהם ניט געפונען. דער געדאַנק, אַז זי איז שולדיג, האָט די גאַנצע יונגע יאָהרען איהרע פערשטערט. איהר האַרץ פלעגט יעדען טאָג שרײַען: „איך האָב געה׳רג׳עט אַרטורן! אַרטור איז געשטאָרבען!“ איצט האָט זי אָבער אָנגעהויבען מורא צו האָבען, אַז זי האָט אַרויפגעבראַכט אויף אַרטורן נאָך עפּעס אַנערגערעס, ווי דער טויט.

האַרב און אונ׳ברחמנות׳דיג האָט זי אָנגעהויבען דערמאָנען טריט נאָך טריט דעם גאַנצען גהינום פון זײַן לעבען, אַלע זײַנע בעליידיגונגען און קומערן, דאָס תּוקן און אָבלאַכען, דאָס דיענסט אין צירק.

— ניין — מען מוז זיך וועניגסטענס בעפרייען פון דעם געדאנק, אז איך האב איהם פערשאפט אזוי פיעל ליידען, אניט וועט זי נאך אראב פון זינען.

טראכטענדיג וועגען דעם, האט זי איינמאל אויפגעפענט א קליין קעסטעלע און האט ארויסגענומען פון דארטען א ר ט ו ר'ס בילד. זי האט מיט צערטליכקייט געקוקט אויף דאס שעהנע קינדערשע קעפעלע. די פיינע שטריכען פון פנים, די גרויסע ערנסטע אויגען, דער קלארער אויסדרוק זייערער, זענען געשטאנען פאר איהר ווי לעבעדיגע. ניט-שוין-זשע האט נאט אויף איהם ניט געהאט קיין רחמנות און האט איהם ניט געלאזען שטארבען שען און ריין. דאס וואלט טויזענד מאל בעסער געווען, איידער צו זיין א „ביהן" מיט די פיינע אויסגעצייכענטע האלזטיכער, מיט צווייפעלהאפטע חכמות, מיט א צוואווונדערווטע נשמה, מיט א פרעכער צונג....

זייענדיג פערטיעפט אין די דאזיגע געדאנקען, האט ד ז ש ע מ־מ א פלוצלונג דערהערט א שטים:

— מען קען ארייננעהן?

זי האט א ציטער געטהאן און דאס בילד איז ארויסגעפאלען פון איהרע הענד. די „ביהן" איז הינקענדיג צוגעגאנגען צום בילד, האט איהם גענומען אין די הענד און איבערגעגעבען ד ז ש ע מ מ א'ן.

זי האט מיט צווייפעל דערלאנגט דאס בילד דער „ביהן" און האט געפרעגט:

— ווי געפעלט אייך אט דאס געזיכט?

בשעת ער האט בעטראכט דאס בילד, האט זי אנגעשטרענגט געקוקט אויפ'ן „ביהן", זיין געזיכט האט אבער, אויסער קריטיק, קיין זאך ניט אויסגעדריקט. לסוף האט ער געזאגט:

— דאס איז א שווערע אויפגאבע, דאס בילד איז שוין אב־געקראכען, מיר דוכט, אז דאס דאזיגע קינד וואלט געווען אומגליק־ליך אין לעבען.

— פארוואס?

— אט דער סארט מענשען פיהלען זעהר טיעף די ליידען און בעליידיגונגען, פאר זיי איז אין לעבען קיין ארט ניטא.

— איז דען דאס בילד ניט ענליך אויף וועמען עס איז פון די, וועלכע זענען אייך בעקאנט?

— געוויס איז עס ענליך.

— ענליך? אויף וועמען?

— אויף דעם ק...ארד...ינא...אל מ א נ ט א נ ע ל י. וועמעס בילד איז דאס?

— דאָס איז דאָס קינדערשע בילד פֿון מײַן פֿרײַנד, װעגען װעלכען איך האָב אײַך דערצעהלט.

— װעלכען איהר האָט געהרג׳עט?

זי האָט אונגערן אַ ציטער געטהאָן. װי נאַכלעסיג און גרױזאַם ער האָט אַרױסגערעדט דאָס שרעקליכע װאָרט.

— יע, װעלכען איך האָב געהרג׳עט, אױב ער איז, אין דער אמת׳ן געשטאָרבען.

— אױב?

זי האָט ניט אַראָבגענומען די אױגען פֿון זײַן געזיכט.

— איך הױב אָן אַ מאָל צו צװײפֿלען אין דעם, — האָט זי געזאָגט. — זײַן טױטען קערפּער האָט מען ניט געפֿונען. פֿילײַכט איז ער ענטלאָפֿען פֿון דער היים, אַזױ װי איהר און טאַקי אױך אין זיד־אַמעריקאַ.

— איך האָף, אַז ער האָט דאָס ניט געטהאָן. דאָס װאָלט געװען אַ שרעקליכע ערינערונג פֿאַר אײַך; װען בײַ מיר װאָלט געװען אַזאַ זאַך אױפ׳ן געװיסען, װאָלט איך קײַן נעכט ניט געשלאָפֿען.

רעכענט איהר, אַז ער װאָלט מיר קײן מאָל ניט מוחל געװען, װען ער װאָלט אַזױפֿיעל אױסגעשטאַנען װיפֿיעל איהר? געדענקט, אַז איך האָב אױך שרעקליך געליטען דערפֿון. טהוט אַ קוק.

זי האָט אָבגעשאַרט איהרע שװערע האָר פֿון שטערען. צװישען די דונקעלע צעפּ האָט זיך געזעהען אַ ברײטער שטיק גראָהע האָר. ס׳איז אַרײַנגעטראָטען אַ לאַנגע שטילקײַט. צום סוף האָט די „ביהן" געזאָגט:

— זאָלען בעסער די טױטע בלײַבען אין זײער רוה. די, װאָס קומען צוריק פֿון יענער װעלט, װײַזען אױס װי קאַליקעס.

נאָכדעם האָט ער אָנגעפֿיהרט אַ געשפּרעך מכח די פּאָליטי־טישע געשעהעניסען, װאָס קומען איצט פֿאָר און צום סוף האָט ער געזאָגט, אַז דזשעממאַ פֿערליערט אומזיסט איהרע כוחות אױף אַ קלײנע אַרבײַט, װעלכע עס װאָלטען קענען אױספֿיהרען אַ סך װעניגער ענטװיקעלטע מענשען פֿון איהר.

דזשעממאַ האָט איהם אָבגעענטפֿערט:

— אין דער׳אמת׳ן זײַט איהר אַ ביסעל גערעכט. מײַן לעבען איז אָבער צובראָכען געװאָרען און עס פֿעהלט מיר דער מוטה אָנ־צוהױבען פֿון איצט אָן עפּעס רעכטעס. איך בין אימשטאַנד צו זײַן נור אַ רעװאָלוציאָנערע קליאַטשע, העלפֿען דער פּאַרטײ נור אין פּראָסטער אַרבײַט.

די „בּיהן“ האָט פֿאַרשעמט אַ קוק געטהאָן אויף איהר מיט האַלבצוגעמאַכטע אויגען און האָט נאָכדעם געפֿרעגט:

— זאָגט מיר, צו האָט איהר גאָרנישט געגען דעם אויפֿשטאַנד, וועלכער ווערט איצט צוגעגרייט אין וועגעדיג. אין דער פּראָווינץ פֿון פּויפּסט ווילען זיי קומען צו הילף אַ סך יונגע לייט, וואָס ווילען זיך שטעלען געגען די עסטרייכער. און איך האַלט אין געהיים פֿון מיינע פֿריינד אין ראָמאַניע....

— זאָגט מיר, — האָט זי איהם איבערגעריסען: — קען מען זיך פֿערלאָזען אויף אייערע פֿריינד?

— געוויס. איך קען זיי גאַנץ גוט. איך האָב געאַרבייט צווישען זיי.

— הייסט עס, אַז זיי זענען מיטגליעדער פֿון יענער סעקטע, צו וועלכער איהר געהערט?

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך בין אַ מיטגליעד פֿון אַ וועלכער ניט איז „סעקטע“? — האָט ער איהר שאַרף אָבגעהאַקט.

— קיינער ניט. איך טרעף עס אליין.

— אַ! ער האָט אַ קוק געגעבען אויף איהר מיט אַ כעסדיגען בליק און האָט געפֿרעגט:

— אפֿשר האָט איהר שוין אויך געטראָפֿען צו וועלכער סעקטע איך געהער?

— איך האָף... איך בעט אייך זייט נאָר ניט אין כעס אויף מיין אָפֿענהערציגקייט — איך האָף, אַז ניט צו דער פּאַרטיי פֿון די „מעסערניקעס“.

— פֿאַרוואָס האָפֿט איהר אויף דעם?

— ווייל איהר זייט פֿעהיג צו עטוואָס בעסערעס, איידער צו דעם, וואָס זיי טהוען.

— אַלע זענען מיר פֿעהיג צו עטוואָס בעסערעס, וועל איך אייך ענטפֿערן מיט אייערע אייגענע ווערטער. איבריגענס, איך געהער ניט אין דער'אמת'ן צו די „מעסערניקעס“, נאָר צו די „רויטע גורטען“. דאָס איז אַ מעהר ערנסטע פּאַרטיי, וועלכע בעשעפֿטיגט זיך מיט אַ וויכטיגער זאַך.

— ד. ה. מיט הריגות, מיט אַריינלאָזען אַ מעסער?

— אָבער נור דאַן, ווען הינטען שטעהט אַ גוט אָרגאַניזירטע פּראָפּאַגאַנדע. אָט טאַקי דאָס, וואָס די „מעסערניקעס“ בעשעפֿטיגען זיך ניט מיט פּראָפּאַגאַנדע, געפֿעלט מיר זעהר ניט. זיי מיינען, אַז דער מעסער אַליין וועט פֿערענטפֿערן אַלע שוויריגקייטען. דאָס איז אָבער אַ טעות. ער קען פֿערענטפֿערן אַ סך זאַכען, אָבער ניט אַליין.

— נִיט־שׂוֹין־וֶשׂע מַיינט אִיהר, אַז מָארדֶען בּרֶענגֶען צוּ אַ רֶעזוּלטַאט?

עֶר הָאט אוֹיף אִיהר אַ קוּק גֶעטהָאן פֶערוואוּנדֶערט.

— גֶעווִיס, — הָאט זִי ווייטֶער גֶעזָאגט, — דֶער מָארד שַׁאפֶט אָבּ פוּן ווֶעג אוֹיף אַ רֶגע אַ ווָאסֶערֶע ס'אִיז מנִיעה, לְמשל, אַ פֶעדהִיגֶען שפִּיאָן, אַ פָּאלִיצִיאַנט; צוּ בֶּעשַׁאפֶט עֶר אָבֶּער נִיט אִין דֶערוֶועלבֶּער צַייט עֶרגֶערֶע שׁווִירִיגקַייטֶען, — דָאס אִיז שׂוֹין אַנ'אַנדֶער פרַאגֶע. מִיר שַׁיינט, אַז יֶעדֶע הריגה פֶערבַּייזט נָאךְ מֶעהר דִי פָּאלִיצִיי אוּן גֶעווֶעהנט אַיין אִיבֶּערהוֹיפּט דִי מֶענשֶׁען צוּ גראָבהַייט אוּן גֶעוואַלדטהַאטֶען. יֶעדֶע גֶעווֶעהנהַייט אִיז אַ סִימן פוּן שׁוואַכהַייט אוּן פֶערשקְלַאפטקַייט. דָאס אִיז אָבֶּער אַ גרוֹיזאַמֶע גֶעווֶעהנהַייט. אוֹיבּ אִיהר הַאלט, אַז מִיר דַארפֶען שׁטרֶעבֶּען אוּמצוּוֶענדֶערן דִי בֶּעצִיהוּנגֶען צווִישֶׁען מֶענשֶׁען, דַארפֶען מִיר אוֹיף אַזאַ אוֹפֶן גָאר אַנדֶערשׁ הַאנדלֶען: צוּגֶעווֶעהנֶען דָאס אוּנווִיסֶענדֶע פָאלק צוּם בּלוּטפֶערגִיסֶען, הַייסט גָאר נִיט אוֹיפהוֹיבֶּען בַּיי אִיהם אִין דִי אוֹיגֶען דִי ווֶערדֶע פוּנ'ם מֶענשׁלִיכֶען לֶעבֶּען.

— ווִי מִיר שַׁיינט, אִיז בַּיי אוּנז אַ פֶערשִׁידֶענֶער בּלִיק אוֹיף דֶעם מקוֹר פוּן שלֶעכטס. אִיךְ זֶעה דִי סִיבּה פוּן אַלֶע אוּנזֶערֶע טעוּת'ן אוּן בּלָאנדזשֶׁענִישֶׁען אִין דֶער קְרַאנקהַייט פוּן פֶערשׁטַאנד, וואָס ווֶערט אָנגֶערוּפֶען רֶעלִיגִיאָן.

— אִיהר רֶעדט ווֶעגֶען אַ ווֶעלכֶער נִיט אִיז בֶּעשׁטִימטֶער רֶעלִיגִיאָן?

— אָ, ניין. דִי קְרַאנקהַייט בֶּעשׁטֶעהט אִיבֶּערהוֹיפּט אִין דֶער שׁטִימוּנג פוּן דֶעם מֶענשֶׁענפֶערשׁטַאנד. אִיהר זֶענט גֶעווִיס מִיט מִיר נִיט אַיינפֶערשׁטַאנדֶען. נָאר עֶס לוֹינט סַיי ווִי סַיי נִיט צוּ רֶעדֶען ווֶעגֶען דֶעם.

— נוּ, אוּן ווֶען אִיהר ווֶעט אוֹיפווֶעקֶען דִי ווִילדֶע חיה אִינ'ם פָאלק אוּן ווֶעט אִיהם אָנרֵייצֶען אוֹיף דֶער קִירכֶע, דַאן...

— דַאן ווֶעל אִיךְ הַאלטֶען, אַז אִיךְ הָאבּ עֶרפִילט מַיין לֶעבֶּענס־אוֹיפגַאבֶּע.

— אוּן דָאס אִיז דִי זַאךְ, ווֶעלכֶע אִיהר ווִילט מִיר פָארלֶעגֶען?

— יָע, אָט דָאס אִיז עֶס.

זִי הָאט אַ צִיטֶער גֶעטהָאן אוּן הָאט זִיךְ אָבּגֶעווֶענדט פוּן אִיהם.

— אִיהר הָאט אִין מִיר אַ טעוּת גֶעהַאט?

— ניין, נִיט דָאס; אִיךְ הָאבּ עֶפּעֶס מוֹרא פַאר אַייךְ.

אִין אַ רֶגע אַרוּם הָאט זִי זִיךְ ווִידֶער אַ קֶעהר גֶעטהָאן צוּ אִיהם אוּן הָאט גֶענוּמֶען רֶעדֶען ווִי גֶעווֶעהנלִיךְ:

— דאָס איז גאָר אַנ׳אונגוּנציגע פּאָלעמיק. מיר שטעהען אויף פערשידענע שטאַנדפּונקטען. איך פון מיין זייט גלויב נור אין פּראָפּאַגאַנדע, פּראָפּאַגאַנדע און פּראָפּאַגאַנדע, און אין אַנ׳אָפענעם אויפשטאַנד, אויב עס איז מעגליך.

— ט, טאַ לאָמיר זיך אומקעהרען צו מיין פּלאַן. ער האָט אַ שייכות צו פּראָפּאַגאַנדע און נאָך מעהר צו אַנ׳אויפשטאַנד.

— אַזוי?

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז אַ סך מוטהיגע פריוויליגע געהען פון ראָמאַניע צו הילף די ווענעציאַנער. מיר ווייסען נאָך ניט, ווי גיך עס וועט אויסברעכען דער אויפשטאַנד, פיליייכט וועט דאָס זיין ניט פריהער פון הערבסט, אָדער גאָר ווינטער. די פריוויליגע אין די אַפּעניגען מוזען אָבער זיין בעוואָפענט און פערטיג אינגאַנצען, ווי נור מען וועט נאָך זיי שיקען. איך האָב זיך אָנגענומען געהיימערהייט אַריבערצוברענגען פון ענגלאַנד געוועהר און אַמוניציע.

— איז וואָס פערלאַנגט איהר פון מיר?

— איהר זאָלט מיר העלפען אַריבערפיהרען דאָס געוועהר.

— ווי דאַרף מען עס טהון?

— איהר האָט געוויס בעקאַנטע קאָנטראַבאַנדיסטען אין טאָסקאַנע, איך האָב זיי ניט.

דזשעממאַ האָט אַ קלער געטהאָן און געזאָגט:

— מעגליך, אַז איך קען אייך בעהילפיג זיין, אָבער אַנ׳ענטשידענעם ענטפער וועל איך אייך געבען ערשט שבת צונאַכט.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט דזשעממאַ געמעלדעט דעם קאָמיטעט פון׳ם „יונגען איטאַליען“, אַז זי נעהמט אונטער אַ זעלבסט־שטענדיגע פּאָליטישע טהאַט און וועט דעריבער איינינע מאָנאַטען ניט האָבען די מעגליכקייט צו בעשעפטיגען זיך, ווי געוועהנליך.

איהר פריינד מאַרטיני, וועלכער איז אויך געווען איהר פערשטאָרבענעם מאַנ׳ס פריינד, האָט זי אָפען דערצעהלט, אַז זי האָט זיך אָנגענומען צו העלפען דער „ביהן“ אַריבערצופיהרען קאָנטראַבאַנד.

ער האָט איהר גאָרנישט געענטפערט, נאָר זי האָט בעמערקט, ניט פערשטעהענדיג די סיבה, אַז די דאָזיגע ידיעה האָט איהם שטאַרק בעאונרוהיגט.

— מ שעזאַרע, אייך איז נישט אַנגענעהם, וואָס איך נעהם אַנאַנטייל אין דער זאַך — האָט זי איהם ענדליך געפרעגט. — איך וואָלט אייך ניט געוואָלט אָנטהאָן קיין שמערצען, איך מוז אָבער טהאָן אַזוי, ווי איך האַלט פאַר נויטיג צו טהאָן.

— ניט דאָס מיין איך, — האָט מאַרטיני געענטפערט אַ

פֿערלמאַרטערט, — איך האָב אָבער קיין צוטרויען ניט צום „בּיהן" אַליין.

— מיר דוכט, אַז איהר האָט אַ טעות אין איהם, איך האָב פֿון אָנהויב געטראַכט אַזוי ווי איהר. איצט קען איך איהם אָבער נאָהענטער. ער איז פֿיעל בּעסער, ווי ער ווייזט אויס אין פּלוג.

— ס'קען זיין. דאָך איז ער אַ געפֿעהרליכער מענש, ער איז אַ האַרטער מענש, ער האָט ניט קיין געוויסען און ער, ער... ליעבט אייך.

— טשעזאַרע, וואָס פֿאַר אַ נאַרישקייטען עס קומען אייך אַהיין אויף די געדאַנקען.

— ער ליעבט אייך, — האָט מאַרטיני איבּערגעהורט. — היט זיך פֿאַר איהם.

— מיין טייערער טשעזאַרע, איך קען זיך פֿון איהם ניט היטען. איך קען עס אייך ניט ערקלערען פֿאַר וואָס. מיר זענען מיט איהם צונויפֿגעבונדען ניט מיט אונזער אייגענעם ווילען.

— אויב איהר זייט צונויפֿגעבונדען, איז גלאַט ניטאָ מעהר וועגען וואָס צו רעדען, האָט מאַרטיני געענטפֿערט מיט אַ מידען קול.

ער איז אַוועק און האָט שעהענלאַנג געשפּאַצירט איבּער די שמוציגע גאַסען. דאָס לעבען איז איהם אויסגעקומען זעהר טרויעריג אין דעם אָבענד. קוים האָט זיך איהם איינגעגעבען צו געפֿינען אַ נאָהענטען מענשען, איז אָט געקומען אָט דער מאָרנער נפֿש און האָט זי בּיי איהם אַוועקגענומען. —

---

די שפּיאָנען האָבען שטאַרק נאָכגעקוקט נאָך די טהייערע פֿונ'ם „זנבען איטאַליען". מען האָט זיך פֿון זיי ניט געקענט בּעהאַלטען. אַפֿילו אין די בּערג, וואו זיי האָבען פֿריהער מורא געהאַט צו קלעטערן, האָבען זיי זיך אויך אָנגעהויבען צו בּעווייזען זאַלבּעדריט, זאַלבּעפֿיערט. די „בּיהן" און זיין חבר איז אויסגעקומען אָפֿטמאָל אָנצוקליידען זיך, דאָ אַלס פֿערמער, דאָ אַלס בּערג-איינוואוינער, כּדי צו קענען זעהען זיך און איינצואָרדנען די ענינים.

איינמאָל האָט די „בּיהן" זיך געדאַרפֿט טרעפֿען מיט זיין חבר דאָמיניקאָ, כּדי צו בּעשטימען ווי צו פֿאַנאַנדערטיילען דאָס געוועהר.

מען האָט אָבגערעדט, אַז די „בּיהן" וועט זיך אָנטהאָן אַלס

אַנ'אַלטער מאַן; מען האָט איהם געשאַפט אַ פּאַסענדען אַנצוג און אַ פּאַס פון איינעם עפּעס אַ האַלבּ'משוגע'נעם מערדער, וואָס איז געוואָרען אַ בּעל-תּשובה. מען האָט אָבּגערעדט צו טרעפען זיך אין בּ ר י ז י ג ע ל אַ, וואו עס פלעגט זיך צונויפקלייבּען אַ גרויסער עולם מתפּלל זיין און וואו עס האָט געוואוינט דער פון אַלעמען געליעבּ־טער קאַרדינאַל מ אָ נ ט אַ נ ע ל י. די „בּיהן" האָט בּכיון אויסגעקלי־בּען דעם אָרט, כּדי צו זעהען מ אָ נ ט אַ נ ע ל י ן, וועלכען ער האָט אין גרונד שטאַרק געליעבּט, הגם ער האָט זיך אַליין ניט געוואָלט מודה זיין אין דעם און האָט זיך געסטאַרעט צו האַסען איהם מיט די לעצטע כּוחות פון זיין אויסגעמאַטערטער נשמה.

אין דעם בּעשטימטען טאָג איז די „בּיהן" געזעסען אויף די טרעפ פונ'ם פּאַלאַץ, וואו דער בּיסקופּ האָט געוואוינט, קוקענדיג פון צווישען זיינע נישט געקאַמטע שטיקער ווייסע האָר.

אין דערוועלבּער צייט איז צוגעגאַנגען ד אָ מ י נ י ק אָ אָנגעטהאָן אַלס סוחר מיט אַ קאָרבּ צלמ'לעך און הייליגע בּילדער, ווי צום פערקויפען.

— איהר זייט געקומען מיט די פּאַלאָמניקעס, פאָטער? האָט ד אָ מ י נ י ק אָ געפרעגט די „בּיהן".

די „בּיהן" האָט אַרויסגעזאָגט דעם בּעשטימטען ענטפער מיט אַ הייזעריגען קול:

— „איך בּין אַנ'אָרעמער בּעל-עבירה'ניק".

ד אָ מ י נ י ק אָ האָט דאַן אַוועקגעשטעלט זיין קאָרבּ אויף די טרעפ און האָט פערפיהרט אַנ'אויסגעטראַכטען שמועס מיט דער „בּיהן". עס איז געווען אַ גרויסער עולם, מהמת מען האָט געוואַרט אויף מ אָ נ ט אַ נ ע ל י'ס אַרויסגעהן.

ענדליך איז מ אָ נ ט אַ נ ע ל י אַרויס פון פּאַלאַץ.

עס איז געוואָרען אַ געדרעדער, און ד אָ מ י נ י ק אָ, בּענוצענדיג זיך מיט דעם מאָמענט, האָט דערלאַנגט דער „בּיהן" אַ קליין הייליג־בּילד מיט אַנ'אַדרעס, איינגעוויקעלט אין אַ פּאַפּיר.

דער קאַרדינאַל האָט געבּענשט דעם עולם, וואָס האָט זיך געשפּאַרט צו איהם. די „בּיהן" האָט אַריבּערגעלעבּט אַ שווער גע־פיהל: ער איז גרייט געווען צו בּעהאַלטען זיך ערגעץ אין אַ ווינ־קעל און פערשטעקען זיינע אויערן, ניט צו הערען די זילבּערנע קלאָרע שטים פון זיין פאָטער.

פּלוצלונג איז דער קאַרדינאַל צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט:

— אפשר וועט איהר אַריינגעהן צו מיר, מיין פריינד; איך זעה, דוכט זיך, קאַלט.

דאָס האַרץ האָט בײַם „בּיהן“ אױפֿגעהערט צו קלאַפּען. ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און האָט אָנגעהױבּען צו רעדען מיט אַ שלעכטען און פֿײַנדליכען טאָן. כּדי צו פֿערוואונדען טיעפֿער דעם קאַרדינאַל, האָט ער איהם אָנגעהױבּען צו דערצעהלען וועגען זײַן שװערען זינד, וועגען דעם, ווי ער האָט געהרג'עט זײַן אײנציגען זוהן, וועלכען ער האָט שטאַרק געליעבּט, און וועלכער האָט זיך צו איהם אַזוי גוט בּעצויגען.

דערמיט האָט די „בּיהן“ געוואָלט אַ שטאָך טהאָן מאָנטאַנעלי'ן, דערמאָנענדיג איהם אָן דעם טויט פֿון זײַן זוהן.

דער קאַרדינאַל איז געװען זעהר אױפֿגערעגט. דער עולם האָט געזעהען, ווי דער צלם אויף זײַן האַרצען הויבּט זיך און לאָזט זיך אַראָב. לסוף האָט ער געזאָגט:

— גאָט איז בּאַרמהערציג! קלאָגט אויס אײער האַרץ פֿאַר זײַן אַלטאַר, ווײַל ס'איז געזאָגט געוואָרען: „דאָס האַרץ פֿון אַ צושלאָגענעם און פֿערבּיטערטען זאָלסט דו ניט פֿעראַכטען.“

ער האָט געבּענשט דעם כּלומר'שטדיגען מערדער און איז אַוועק דורכ'ן מאַרק, אָבּשטעלענדיג זיך דאָרטען, כּדי צו רעדען מיט'ן עולם און צו נעהמען קלײנע קינדער אויף די הענד.

אין דעמזעלבען טאָג אין אָבענד איז די „בּיהן“ אַוועק אין דעם אָרט, וועלכער איז געװען אָנגעוויזען אין דעם אַדרעס, וואָס דאָמיניקאָ האָט איהם איבּערגעגעבּען. דאָס איז געװען די וואוינונג פֿון אַנ'אָרטיגען דאָקטאָר, אַ טהעטיגען מיטגליעד פֿון דער פּאַרטײ. אַלע חבֿרים האָבּען זיך שטאַרק דערפֿרעהט ווען די „בּיהן“ איז אַרײַן.

אַלע האָבּען זיך געוואונדערט, ווי די „בּיהן“ האָט קונציג געשפּיעלט די ראָלע פֿון אַ האַלבּ משוגע'נעם מערדער. נור אײן יונגער אַרבּײַטער האָט אונצופֿריעדען געזאָגט:

— דאָס איז, געוויס, געװען זעהר קונציג אָבּגעאַרבּײַט. איצט וועלען די שפּיאָנען מײנען, אַז ווי' האָבּען צו טהאָן מיט אַ משוגע'נעם מערדער. דאָך האָט מען עס געקענט מאַכען אַזוי, אַז מען זאָל ניט דאַרפֿען נאַרען דעם קאַרדינאַל. אַ צו גוטער מענש איז ער.

מיר האָט ער אויך אויסגעזעהען גאַנץ אַנשטענדיג — האָט די „בּיהן“ נאָכלעסיג אַ זאָג געטהאָן.

— נאַרישקײַטען, — האָט דאָמיניקאָ זיך אַרײַנגעמישט, — קײַן קאַרדינאַלען דאַרפֿען מיר דאָ ניט האָבּען. וואָלט מאָנטאַנעלי אָנגענומען די שטעלע אין רוים, ווען מען האָט זי איהם פֿאָרגעלעגט, וואָלט איהם איצט ריוואַרעס ניט גענאַרט.

— ער האָט מן הסתם ניט אָנגענומען די שטעלע, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט פֿערס'ט ווערען דורך וועמען עס איז פֿון לאַמבּרוסקינ'ס פֿרײַנד. זיי האָבען עפּעס געגען איהם.

מען האָט געענדיגט דעם געשפּרעך וועגען קאַרדינאַל, און גענומען רעדען צו דער זאַך.

ס'איז בּעטראַכט געוואָרען די פֿראַגע, ווי אַריבּערצופֿיהרען געוועהר, און וואו עס צו בּעהאַלטען. יעדער האָט אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג. ווען אַלע האָבען זיך שוין אַרויסגעזאָגט האָט די „בּיהן" געמאַכט אַ פּאָר פּראַקטישע בּעמערקונגען, וועלכע זענען גלייך אָנגענומען געוואָרען אָהן דעבּאַטען. דערמיט האָט זיך די פֿערזאַמלונג פֿערענדיגט.

ס'איז אָנגענומען געוואָרען אַ בּעשלוס ניט צו זיצען שפּעט אויף די פֿערזאַמלונגען, אויבּ די „בּיהן" וועט זיך געפֿינען אויף זיי, כּדי ניט צוציהען צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער פּאָליציי.

וואו וועלען מיר זיך טרעפֿען? האָט די „בּיהן" געפֿרעגט דאָמיניקאָן.

— אין קאָסטעל — בּאַלאַניעזע. מאָרגען פֿריה וועל איך זיין צוזאַמען מיט די פּאַלאָמניקעס, אויף איבּערמאָרגען וועל איך קראַנק ווערען און איבּערבּלייבּען אַליין אין דעם פּאַסטוכ'ס שטיבּעלע. נאָכדעם וועל איך מיט אַ קירצערען וועג אַוועקגעהן דורך די בּערג און וועל קומען אין טהאָל פֿריהער פֿון אייך. אַ גוטע נאַכט!

די „בּיהן" איז אַרויס אויפֿ'ן גאַס. עס איז געווען אַ וואונדערשעהנע נאַכט, און אַ פֿולע לבנה האָט געלויכטען איבּער'ן הימעל. די „בּיהן" האָט טרויעריג געטראַכט וועגען דער פֿריהמאָרגענדיגער סצענע מיט מאָנטאַנעלי'ן און האָט הרטה געהאַט, וואָס איהם איז אויסגעקומען צו שפּיעלען אַזאַ העסליכע ראָליע.

אין דערזעלבּער צייט האָט זיך אויפֿ'ן צווייטען עק גאַס בּעוויזען דער נאַכטוועכטער.

די „בּיהן" האָט זיך גלייך אַ דרעה געטהאָן אָן אַ זייט און איז אַרויסגעקומען נעבּען קירכע. איין טיר איז געווען אָפֿען. די „בּיהן" איז אַריין אינווענינ. דער שיין פֿון דער לבנה האָט זיך אַריינגעגאָסען אין די פֿענסטער און האָט זיך געלעגט אין לאַנגע פּאַסען אויף דער מאַרמאָרנער פּאָדלאָגע. בּעזונדערס ליכטיג איז געווען אַרום אַלטאַר. נעבּען איהם איז געשטאַנען אויף די קניע דער קאַרדינאַל, מיט אַנ'אָבּגעדעקטען קאָפּ, מיט צונויפֿגעלעגטע הענד פֿאַר אַ געבּעט.

די „בּיהן" האָט זיך שטילערהייט צוגערוקט נאָהענטער. און

האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף דער ערד, איינהאַלטענדיג דעם אָטעם.

דער קארדינאַל האָט מתפלל געווען.

— מיין אָרים קינד! אָ, גאָט, מיין אָרים קינד!

דאָס שטילע פערשטיקטע שעפטשען איז געווען פיל מיט אַזאַ אונענדליכער פערצווייפלונג, אַז די „ביהן“ איז ניט ווילענדיג אַנ'אויפגעציטערטער געוואָרען. נאָכדעם האָט זיך גענומען הערען אַ שווערעס כליפען. מאָנטאַנעלי האָט זיך געבראָכען די הענד, ווי אַ מענש, וואָס ליידט שווער פון פיזישע ווערטאָגען.

ער האָט קיינמאָל ניט גערעכענט, אַז מאָנטאַנעלי טראָגט אַריבער אַזוינע שמערצען. און ווי גרינג עס וואָלט איהם יעצט געווען צו פערהיילען זיין וואונד. ער האָט בלויז געדאַרפט אויפהויבען די האַנד, צוגעהן נעהענטער און זאָגען: „פּאַדרע, אט בין איך!“ און דזשעממאַ מיט איהר ווייסען לאָק האָר אויף'ן קאָפּ. אָ, ווען ער וואָלט געקענט מוחל זיין! ווען ער וואָלט געקענט אויסמעקען פון זיין זכרון די פערגאַנגענהייט — די קלעפּ, דעם צירק. קיין גרעסערע ליידען האָט מען ניט געקענט צוטראַכטען. ער האָט מורא'דיג שטאַרק געוואָלט מוחל זיין און האָט געוואוסט, אַז ער קען ניט און טאָר ניט מוחל זיין. מאָנטאַנעלי האָט זיך לסוף אויפגעהויבען און איז פערביי געגאַנגען פערביי דער „ביהן“ אַזוי נאָהענט, אַז זיין פיאָלעטעווער גלח'שער אויבער-בגד האָט בערירט זיין געזיכט.

ער איז אַריבער און האָט עס ניט בעמערקט.

די „ביהן“ האָט אַ ציטער געטהאָן און האָט אַרויסגעזאָגט:

— פּאַדרע!

דער קלאַנג פון זיין אייגענער שטים האָט אויף איהם אַרויסגעוואָרפען אַ שרעק. מאָנטאַנעלי, אַרומגעכאַפּט פון אַ טויט-שרעק, האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט געקוקט אין דער פינסטער-ניש מיט ברייט פאַנאַנדערגעעפענטע אויגען.

די „ביהן“ איז אַרויסגעטראָטען פאָראויס.

— זייט מוחל, אייער היילינגעווירדע! איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז איינער פון די גייסטליכע.

— אַ, דאָס איז דער פּאַלאָמניק! מאָנטאַנעלי איז באַלד געקומען צו זיך. דאַרפט איהר עפּעס, מיין פריינד? איצט איז שפּעט און די קירכע מאַכט מען שוין צו.

— ענטשולדיגט מיר, אויב איך האָב ניט גוט געטהאָן. איך האָב געזעהען, אַז די טיר איז אָפען, בין איך אַריין תפלה טהאָן.

איך האָב געוואַרט אויף אייך, כדי אויסצובעטען אייערע א ברכה.

ער האָט איהם דערלאַנגט דאָס קליינע בלעכערנע צלמ'ל, וואָס דאָמיניקאָ האָט איהם געגעבען. מאָנטאַנעלי האָט עס גענו־מען און האָט זיך צוריקגעקעהרט צום אַלטאַר, אויף וועלכען ער האָט עס אַרויפגעלעגט אויף אַ ווײַלע.

— נעהמט דעם צלם, מײַן זוהן, און געהט בשלום. גאָט איז גנעדיג און מלא רחמים. געהט אין רוים און בעט מחילה בײַם הייליגען פאָטער. פריעד זאָל מיט אייך זײַן!

די „בּיהן" האָט זיך אומגעקעהרט צום אַרויסגאַנג, נאָכדעם ווי ער האָט מקבל געווען די ברכה.

— וואַרט! האָט מאָנטאַנעלי זיך אָבגערופען.

ער איז געשטאַנען אָנגעשפאַרט אָהן באַריער מיט איין האַנד.

— ווען דער הייליגער פאָטער וועט אייך מוהל זײַן, זאָלט איהר מתפלל זײַן פאַר אַ מענשען, וועמען עס האָט געטראָפען אַ גרויס אומגליק.

אין זײַן שטים האָט זיך געהערט געוויין. דער „בּיהנ'ס" פעסט־קייט האָט אָנגעהויבען ווייכער צו ווערען. נאָך איין מינוט און ער וואָלט זיך אַרויסגעגעבען. נאָר דער געדאַנק, אַז מען האָט איהם גענאַרט, אַז ער האָט געליטען אין צירק, האָט איהם וויעדער בע־הערשט, און ער האָט זיך דערמאָנט ווי יונה הנביא, אַז ער מוז לעבען אין גרימצאָרן.

— ווער בין איך אַזוינער, אַז ער זאָל דערהערען מײַן גע־בעט! איך — אַ שלעפּער, אַ קרעציגער. ווען איך וואָלט געקענט ברענ־גען צו זײַן אַלטאַר, פּונקט אַזוי ווי איהר, דעם געשאַנק פון אַ הייליגען לעבען, אַ נשמה אָהן אַ פלעק אָדער אָהן... אַ געהיימער שאַנד.

מאָנטאַנעלי האָט זיך שאַרף אָבגעקעהרט.

— איך האָב נור איין געשאַנק, — האָט ער געזאָגט, — אַ צו־בראָכענעם האַרץ.

VIII.

אַרום מיטען פעברואַר איז די „בּיהן" אַוועקגעפאָהרען נאָך ליוואָרנאָ. דזשעממאַ האָט איהם בעקאַנט געמאַכט מיט אַני־ענגלענדער, אַ שיפס־אַגענט, וועלכער האָט איינינגע מאָל געטהאָן טובות די ראַדיקאַלען: ער פלעגט לײַהען געלד אין אַ נויטפאַל, האָט

ערלויבט צו בענוצען זיך מיט דעם אַדרעס פֿון זײַן קאָנטאָר פֿיר געפֿעהרליכע קאָנספּיראַטיווע בריעף.

די „ביהן“ האָט זיך געדאַרפֿט ווענדען צו איהם מכּח געהיים אַריבערפֿיהרען געוועהר צום אויפֿשטאַנד. דאָס איז געווען אַ וויכטיגע און געפֿעהרליכע זאַך און דזשעממאַ האָט ניט געהאָפֿט אויף אַנ'ערפֿאָלג.

ס'זענען אַריבער עטליכע וואָכען. איינמאָל, סוף מערץ, איז די „ביהן“ געקומען צו איהר, און נאָך דעם אויסדרוק פֿון זײַן געזיכט, האָט זי דערקענט, אַז ער האָט געבראַכט גוטע נײַעס.

— נו, פֿאָרט געקומען! איך האָב שוין געטראַכט, צו האָט מיט אײַך ניט וואָס פּאַסירט. זײַט איהר נור וואָס געקומען?

— יאָ, איך גלײַך נאָר פֿון דיליזשאַנס. איך בין געקומען אָנ־זאָגען אײַך, אַז אַלץ האָט זיך גוט אײַנגעאָרדענט.

— ניט שוין־זשע האָט בעלי אײַנגעשטימט צו העלפֿען?

— נאָך מעהר ווי העלפֿען. ער האָט אויף זיך אָנגענומען אַלץ: סײַ אײַנפּאַקען, סײַ אַריבערפֿיהרען, אַלץ ווי עס בעדאַרף צו זײַן.

— די ביקסען וועט מען בעהאַלטען אין פּעקלעך סחורה און מען וועט זיי ברענגען גלײַך פֿון ענגלאַנד.

— יאָ, דאָך פֿערשטעה איך אָבער ניט, ווי אַזוי האָט זיך דאָס אײַך אײַנגעגעבען אײַנצורעדען זיי?

— פֿון אָנהויב האָט ער גאָר ניט געוואָלט הערען, ווײַל ער האָט געמיינט, אַז עס איז אַ פּוסטע מעשׂה; מיר האָט זיך אָבער דערנאָך אײַנגעגעבען אײַנצורעדען איהם. נו, איצט לאָמיר זיך דורכ־רעדען גענוי וועגען אַלץ.

---

## III טייל.

### I.

די גאַנצע צײַט נאָכדעם האָבען דזשעממאַ און די „ביהן“ פֿערבראַכט אין אַ שטורמישער אויפֿרעגונג און אָנגעשטרענגטער אַרבײַט. דער טראַנספּאָרט געוועהר איז בשלום אָנגעקומען אין דעם פּויפּסט'ס פּראָווינץ. איצט איז נאָך געבליבען אַ שווערערע און גע־פֿעהרליכערע אַרבײַט.

מען האָט געדאַרפֿט אונבעמערקט אַריבערטראָגען דאָס געוועהר אין די בערג-שפּאַלטען און אין די טהאָלען, פֿאַנאַנדערלעגען עס אין נייע סקלאַדען און פֿאַנאַנדערשיקען עס פֿון דאָרטען איבער די דערפֿער.

די גאַנצע געגענד איז געווען פֿול מיט שפּיאָנען און דאָמיניקאָ, איינער פֿון די טהעטיגסטע מיטגליעדער פֿון דער פּאַרטיי, אויף וועמען מען האָט אַרויפֿגעלעגט פֿאַנאַנדערצושיקען דאָס געוועהר, האָט אָנגעזאָגט דורך אַ שליח דער „ביהן“ אין טאָסקאַנע, אַז ער נויטיגט זיך גלייך אין הילף, ווען ניט מוז די זאַך אָבגעלעגט ווערען.

די „ביהן“ האָט געוואָלט ניט אַנדערש, אַז אַלעס זאָל זיך ענדיגען אין מיטען יוני. דער שלעכטער צושטאַנד פֿון די וועגען, איבער וועלכע מען האָט געמוזט מיט מאַטערניש פֿיהרען דאָס געוועהר, די געפֿאַהר, וועלכע האָט געצוואונגען זיך שטענדיג צו בעהאַלטען — דאָס אַלץ האָט אַריינגעבראַכט דאָמיניקאָ אין פֿערצווייפֿלונג. „איך געפֿין מיך צווישען צוויי פֿייערן“, האָט ער געשריבען: „איך קען מיך ניט אײלען, כדי עס זאָל חס ושלום אַלץ ניט ענטדעקט ווערען, און וואַרטען קען מען אויך ניט, ווען מען מוז אַלץ צושטעלען צום טערמין. אָדער שיקט מיר גלייך הילף, אָדער גיט צו וויסען אין ווענעדיג אַז מיר וועלען זיך ניט אָבפֿערטיגען פֿריהער פֿון דער ערשטער וואָך אין יולי“.

די „ביהן“ האָט געבראַכט דאָמיניקאָ'ס בריעף צו דזשעממאַ'ן און בעת זי האָט איהם געלעזען, איז ער געזעסען נעבען איהר אויפֿ'ן טעפּיך אַ פֿערכמאַרעטער.

— טרויעריג, — האָט זי געזאָגט, — אַספֿק צו מען וועט קענען אָבציהען די ווענעציאַנער אויף צוויי וואָכען.

— פֿאַר דאָמיניקאָ אַליין איז צו שווער אַלץ צו מאַכען. מען מוז איהם צושיקען עמיצען צו הילף.

— וועמען זשע קענען מיר שיקען? ביי אונז אין פֿלאָרענץ איז קיינער ניטאָ.

— נו, וועל איך אַליין . . . פֿ . . . . אָהרען.

זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפֿ'ן שטוהל-ווענדעל און האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן.

— ניין, דאָס איז אונמעגליך. ס'איז צו געפֿעהרליך.

— און דאָך וועל איך מוזען פֿאָהרען, אויב מיר וועלען קיין אַנדער מיטעל ניט געפֿינען.

— מיר מוזען געפינען אנ׳אנדער מיטעל. עס קען גאר קיין רעד ניט זיין, אז איהר זאלט איצט ווידער אוועקפאהרען.

אויף די ווינקלען פון זיין אונטערשטער ליפ האט זיך בעוויזען א קנייטש פון עקשנות.

— איך וו... ווייס ניט, פאר וואס קען דאס וועגען דעם קיין רעד ניט זיין.

— עס איז דאך אבער נאך קיין פינף וואכען ניטא ווי איהר זייט צוריק געקומען. גאנץ פאליציי איז אויף די פיס, נאך צוליב אייער ערשיינען אלס א מערדער, א בעל-תשובה, מען זוכט אייך לויט אייערע פריזמעטעם; אויסער דעם איז דאך אונמעגליך צו בעהאלטען אייער הינקען און דעם שניט אויף אייער געזיכט.

— עס איז פ... פאראן א סך הינקעדיגע אויף דער וועלט.

— יא, אבער עס איז ניטא קיין סך הינקעדיגע מענשען אין ראמאניע, וועלכע זאלען דערצו נאך האבען א שניט אויפ׳ן געזיכט, א צוקאלעטשעטע האנד, און אויסערדעם, בלאהע אויגען ביי א טונקעלער געזיכט׳ס-פארב.

— מען קען אומבייטען דעם קאליאר פון די אויגען דורך בע-לאדאנע.

— אבער דאס איבריגע איז שווער אומצובייטען. איהר זאלט איצט פאהרען, אט מיט די אלע סמנים אייערע, הייסט עס — ארייז-קריכען מיט אפענע אויגען אין א נעץ; מען וועט אייך בעשטימט ארעסטירען.

— מען מ... מוז דאך אבער האבען עמיצען, וועך עס זאל העלפען ראמיניקאן.

— וואס פאר א הילף וועט עס זיין, ווען מען וועט אייך ארעס-טירען? אייער ארעסט וועט דאך נור אומברייננגען דעם גאנצען ענין.

די „ביהן" איז אבער געווען שווער איבערצוצייגען. זיי האבען נאך ווייטער דיספוטירט אהן א שום רעזולטאט.

אין דער זעלבער צייט האט מען אריינגעטראגען דזשממעק׳ן א פערמאכטען בריעף, וועלכער האט זיך בעקומען אויף דעם אדרעס פון אידרער א רייכער הבר׳טע. אויפ׳ן בריעף איז געווען א שטעמפעל פון דעם פויפסט׳ס פראוינץ. איינינגע דזשעממעק׳ס פריינדינ׳ס נאך פון דער יוגענד האבען געוואוינט אין פלארענץ און א סך קאנספירא-טיווע בריעף פלעגען אנקומען אויף זייערע אדרעסען.

— דאס איז פון מיקעלע, — האט זי געשווינד געזאגט, ווי נור זי האט א קוק געטהאן אויפ׳ן בריעף, און וועלכען עס זענען נאר

לפנים וועגען געוועזן אויפגעשריבען פריִיִען פון אַזומער־פּאַנסיאָן; צום סוף פון בריעף זענען געוועזן צוויי קליינע פלעקען.

— דאָס איז פון דעם כעמישען טינט. נעהמט אַרויס דאָס שפּריצערל פון דריטען טיש־קעסטעל. דאָרט געפינט זיך אַ וועסערעל אויף אַרויסצובעקומען דאָס טינט. אָט, דאָס איז דאָס.

ער האָט אַוועקגעלעגט דעם בריעף אויפ'ן טיש. און האָט איהם בעשמירט מיט אַ קליין פּענזעלע. ווען דער אמת'ער אינהאַלט פון בריעף האָט זיך בעקומען פון אויבען אויפ'ן פּאַפּיר אין גלענצענדע גרינע שורות, האָט ער זיך אַוואָרף געטהאָן צוריק אין פאָטעל און האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— וואָס איז מיט איך? האָט זי איילענדיג געפרעגט. ער האָט איהר דערלאַנגט דעם בריעף. אין בריעף איז מיט דעם כעמישען טינט געוועזן אָנגעשריבען:

— „דאָמיניקאָ איז אַרעסטירט, קומט גלייך צופאָהרען“.

האַלטענדיג דעם בריעף אין האַנד איז זי געזעסען און האָט געקוקט אויף די „ביהן“ מיט מוטהלאָזע בליקען.

— נ...ט,— האָט ער געפרעגט מיט אַ לאַנגען איראָנישען טאָן — איצט זייט איהר שוין איינשטימיג, אַז איך זאָל אָבפאָהרען.

— יע,— האָט זי געענטפערט — איהר מוזט פאָהרען, אָבער איך מוז אויך.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר פערוואונדערט.

— איהר? אָבער...

— אַודאי איז אונאַנגענעהם, אַז קיינער זאָל אין פלאָרענץ ניט בלייבען. איצט אָבער מוז מען טראַכטען נור וועגען דעם, ווי צו בעקומען וואָס מעהר העגד.

— דאָרט געפינען זיך אַ סך מענשען.

— אָבער מען קען זיי ניט געטרויען. אויב דאָמיניקאָ האָט אַליין ניט געקענט אויסקומען, וועט איהר, ווייזט אויס, אויך אַליין זיך ניט בעגעהן. אויף אַזאַ אופן מוז איך מיט אייך זיין, כדי צו פערבייטען דאָמיניקאָ'ן.

— יאָ, איהר זענט גערעכט — האָט ער געזאָגט.— און וואָס שנעלער מיר וועלען אַוועקפאָהרען, אַלץ בעסער וועט זיין. אָבער צוזאַמען פאָהרען טאָרען מיר ניט.

— אויב איך וועל היינט ביי נאַכט אַוועקפאָהרען, וועט איהר קענען אַרויספאָהרען מאָרגען פריה.

— אָבער ווי וועט איהר אַריבער די גרענעץ?

— זייט רוהיג,— האָט ער געזאָגט — מען קען מיך אָבהאַלטען

דערנאָך וויַטער, אָבער ניט אויף דער גרענעץ. אין די בערג בין איך אַזוי זיכער, אַזוי ווי דאָ. קיין איין קאָנטראַבאַנדיסט וועט מיך ניט אַרויסגעבען. זיי זענען מיינע פריַינד און מען קען זיך אויף זיי פער־לאָזען. פאַר איין אָבער האָב איך מורא! ווי וועט איהר זיך דורכ־גנב'ענען?

— בלאָטע. איך וועל פאָהרען מיט'ן פאַס פון מיין פריַינדין לואיזע רייט, כלומרשט אָבצוזוכען אין די בערג. אין ראָמאַניע קען מיך קיינער ניט און איך קען יעדער שפּיאָן.

— צום גליק אָבער אויך יעדער ק... קאָנטראַבאַנדיסט.

זי האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער.

— איצט איז האַלב דריי: מיר האָבען נאָך אַ שטיק טאָג און דעם אָבענד, אויב איהר פאָהרט היינט.

— איך וועל געהן אַהיים, איך וועל ברייַנגען אַלעס אין אָרדנונג און צוגרייטען אַ פערד. איך וועל פאָהרען רייטענדיג.

— עס איז אָבער געפעהרליך איהר זאָלט דינגען אַ פערד. דאָס וועט זיך וואַרפען אין די אויגען.

— איך רעכען דאָס גאָר ניט צו טהאָן. איך האָב אַ בעקאַנטען, וועלכער וועט מיר לייהען זיין פערד, אויף איהם קען מען זיך פערלאָזען. אַלזאָ, וועל איך קומען צו איין אַ זייגער פינף, האַלב זעקס, איהר געהט דערוויַילע אונטער צו מאַרטיניַן און דערצעהלט איהם די מעשה.

— מאַרטיני? זי האָט זיך אומגעקעהרט און האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם מיט פערוואונדערונג.

— יאָ, מיר מוזען איהם אַלץ אָנטרויען, כדי צו האָבען דאָ אויף וועמען צו פערלאָזען זיך.

— יאָ, אויף מאַרטיני קען מען זיך פערלאָזען, אָבער איך האָב מורא, עס וועט איהם קריינקען די זאַך...

— דזשעממאַ, אויב איינער אַ נאָהענטער חבר וואָלט זיך ניט געווענדעט צו איין נאָך הילף, וויַיל ער וואָלט מורא האָבען אָנצוטהאָן איהם עגמת־נפש, וואָלט עס דען געווען אַ בעוויַיז פון גוטער פריַינדשאַפט?

— גוט, — האָט זי געזאָגט נאָך אַ קורצען שטילשוויַיגען — איך וועל שיקען נאָך איהם. דערוויַילע וועל איך אונטערגעהן נאָכ'ן פאַס צו לואיזע רייט. זי האָט מיר צוגעזאָגט צו לייהען איהר פאַס.

די „בּיהן" און דזשעממאַ האָבען זיך געשיידט.

אין אָבענד האָט זיך די „בּיהן" צוריקגעקעהרט און האָט גע־פונען דזשעממאַ'ן מיט מאַרטיניַן אויפ'ן טעראַסע. ווי עס האָט

אויסגעוויזען איז צווישען זיי געווען אַ שווערעס געשפּרעך. מ אַ ר ט י נ י איז געווען אָנגעלאָדען און מעהר צוריקגעהאַלטען, ווי געוועהנליך.

— איהר זייט שוין פֿערטיג מיט אַלץ? — האָט ד ז ש ע מ מ אַ אַ פֿרעג געטהאָן.

— יאָ, האָט די „ביהן" געענטפֿערט: איך וועל שוין אָבער צוריק אַהיים ניט געהן. ביי מיר נעכען טיר שטעהט אַ שפּיאָן. ער מיינט, אַז איך בין אין דער היים.

— ווי אַזוי זייט איהר אונבעמערקט אַוועק פֿון דער היים?

— איך האָב פֿון קיך־פֿענסטער אַרויסגעקלעטערט גלייך אין גאָרטען, דערנאָך האָב איך איבערגעקלעטערט דעם פּאַרקאַן פֿון דעם שכנישען גאָרטען. איך האָב געמוזט אָבנאַרען דעם שפּיאָן. ביי מיר אין קאַבינעט איז געבליבען זיצען אויף אַ גאַנצען אָבענד מיין בעקאַנטער, וואָס האָט דאָס פֿערד, און דער לאָמפּ וועט ברענען ביז שפּעט אין דער נאַכט. דער שפּיאָן וועט זעהן ליכט אין פֿענסטער און אַ שאָטען אויף דער שטאָר, וועט ער זיין זיכער, אַז איך בין אין דער היים.

— איהר וועט שוין דאָ בלייבען ביז'ן אָבפֿאָהרען?

— יאָ, איך וויל ניט, מען זאָל מיך זעהן אויפֿ'ן גאַס היינט אין אָבענד.

ד ז ש ע מ מ אַ איז אַרויס פֿון צימער, צו בעזאָרגען דאָס מיטאָג־עסען.

אַנ'אויפֿגערעגטער, האָט מ אַ ר ט י נ י אָנגעהויבען אַרומצוגעהן איבערן צימער. דערנאָך האָט ער זיך אָבגעשטעלט נעבען די „ביהן".

— ר י וו אַ ר ע ס, — האָט ער געזאָגט, ניַשט אויפֿהויבענדיג די אויגען. — אין וואָס פֿאַר אַ עסק שלעפּט איהר זי אַריין?

די „ביהן" האָט אַרויסגענומען דעם ציגאַר פֿונ'ם מויל און האָט אַרויסגעלאָזען אַ לאַנגע שנור רויך.

— זי טהוט לויט איהר אייגענעם ווילען, — האָט ער געזאָגט, — קיינער האָט איהר ניט איינגערעדט.

— יאָ, יאָ, איך ווייס עס. זאָגט מיר אָבער...

ער האָט זיך אָבגעשטעלט.

— איך וועל אייך זאָגען אַלץ וואָס איך קען.

— שטעהט איהר פֿאַר אַנ'ערנסטע געפֿאַהר אין די בערג?

— אויב איהר ווילט וויסען דעם אמת — יאָ, ס'איז דאָ אַ סכנה.

מ אַ ר ט י נ י האָט זיך אָבגעקעהרט און האָט אָנגעהויבען ווידער אַרומצוגעהן הין און צוריק. דערנאָך איז ער ווידער שטעהן געבליבען.

— איך מוז אייך נאָך עפּעס פֿרעגען. ס'פֿערשטעהט זיך, אויב איהר ווילט ניט, קענט איהר מיר דערויף ניט ענטפֿערן.

— איהר ליִעבּט זיִ?

די „ביִהן" האָט פּאָרזיִכטיִג אָבּגעטרייִסעלט די אַש פוּן זייַן ציִגאַר און האָט וויַיטער געזוּיכערט.

— איהר וויִלט מיִר ניִט ענטפערן?

— ניין, איך מיין נוּר, אַז איך האָב רעכט צוּ וויִסען, פאַרוואָס פרעגט איהר מיִך וועגען דעם?

— פאַרוואָס? גאָט מייִנער, זעהט איהר דען אַליין ניִט פאַרוואָס?

אַ! — ער האָט אַוועקגעלעגט דעם ציִגאַר און האָט אַ קוּק געטהאָן גלייך אויף מ אַ ר ט י נ י ן. — יאָ, — האָט ער צוּם סוֹף געזאָגט לאַנגזאַם און שטיִל, — איך ליִעב זי, אָבּער מייִנט ניִט, אַז איך וועל מיִט איהר רעדען וועגען ליִבּע און זיך נעהמען דערצעהלען איהר וועגען מייִנע געפיִהלען, איך וויִל נוּר...

זייַן שטיִם האָט אָנגענוּמען אַ מאָדנעם שוואַכען קלאַנג.

מ אַ ר ט י נ י איז צוּגעגאַנגען נעהענטער.

— איהר וויִלט נוּר...

— שטאַרבּען.

ער האָט געקוּקט גלייך פאַר זיך מיִט אַ קאַלטען אוּנבּעוועגליִכען בּליִק, אַזוֹי ווי ער וואָלט שוֹין געוועזען טוֹיט.

בּעת ער האָט וויִדער אָנגעהוֹיבּען צוּ רעדען, האָט זייַן שטיִם געקלוּנגען מעסיִג, אָהן לעבּען.

— איהר דאַרפט איהר וועגען דעם ניִט דערצעהלען פאַר דער צייַט, אָבּער איך בּיִן פעסט איבּערצייגט, אַז דאָס מאָל מוּז איך אוּמקוּמען. די קאָנטראַבּאַנדיִסטען וועלען געוויִס אָננעהמען אַלע מיִטלען צוּ בּעהאַלטען זי. זיי זענען בּראַווע יוּנגען, הגם ניִשט גאָר קיין איידעלע. וואָס איז שייך צוּ מיִר, איז שוֹין אוֹיף מייַן האַלז אַ שטריִק פערוואָרפען, און, איבּערגעהענדיִג די גרענעץ, וועל איך נוּר שטייִפער פערציִהען דעם קניִפּעל.

איהר זייַט דאָך אַזוֹי אָפט געגאַנגען איבּער די גרענעץ, און אַלע מאָל בּשלוֹם.

— יאָ, נוּר היינטיִגעם מאָל וועל איך אַרייַנפאַלען.

— אָבּער פוּן וואַנען ווייסט איהר דאָס?

— מיִר זאָגט עפּעס דאָס הארץ, אַז עס וועט אַזוֹי זייַן.

מ אַ ר ט י נ י איז צוּגעגאַנגען נעהענטער צוּ איהם און האָט אַרוֹיפגעלעגט די האַנד אויף דאָס וועגדטיִל פוּן שטוּהל.

— הערט, ר י וו אַ ר ע ס, איהר רעדט נאַריִשקייַטען. אוֹיבּ בּיי אייך איז דאָ אַזאַ געפיִהל, דאַרפט איהר גאָר ניִט פאָהרען. וואָרוּם דאָס זיִכערסטע מיִטעל אַרייַנצוּפאַלען איז בּעת מען איז פאַראוּיס

זיכער, אַז עס וועט זיך ניט אײַנגעבען. איהר זײַט געווים ניט אין גאַנצען געזונד. פֿאַר וואָס זאָל איך ניט פֿאָהרען אָנשטאָט אײַך.

— כדי מען זאָל אײַך הרגענען אָנשטאָט מיך? ווי קלוג דאָס וואָלט געווען.

— אָ, ניין, מיך וועט מען ניט הרג'ענען. מיך קען מען ניט אַזוי גוט ווי אײַך, און אויסערדעם, ווען אַפֿילו....

ער האָט זיך אָבגעשטעלט און די „ביהן" האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם מיט אַ פֿאַרשעמטעם בליק. מאַרטיני האָט אַראָבגעלאָזען די האַנד.

— איהר וואָלט געווים ניט געווען אַזוי שווער צו פֿערלירען מיך, איידער אײַך, — האָט ער געזאָגט גאַנץ רוהיג. אויסערדעם איז דאָך דאָס אַ כלל־זאַך. אײַער „מאַרקווערטה", אַזוי דוכט זיך רופֿען דאָס אָן די עקאָנאָמיסטען, — איז העכער פֿון מײַנעם. איך פֿערשטעה דאָס. איהר זײַט אַ מעהר נוציגער מענש, אַ פֿיעל גרעסערער היזק, איידער מײַן טויט.

נאָך דעם טאָן פֿון זײַן שטים האָט מען געקענט מיינען, אַז דאָ האַנדעלט זיך עפּעס וועגען אַ בערזען־ווערטה. די „ביהן" האָט געענטפֿערט:

— וואָס־זשע ווילט איהר? איך זאָל וואַרטען, ביז וואַנען עס וועט זיך אַליין עפּענען אַ קבר מיך אײַנצושלינגען. איך וועל מקבל פנים זײַן דעם טויט, ווי אַ כלה. הערט, מאַרטיני, מיר רעדען ביידע נאַרישקײַטען.

— ווענינסטענ'ס איהר, — האָט מאַרטיני געענטפֿערט מיט אַ טריבען קול.

— און טאַקי איהר אויך. מען דאַרף זיך אַזוי ראָמאַנטיש ניט מקריב זײַן. — מיר לעבען אין 19 יאָהרהונדערט און אויב מיר שטעהט פֿאַר דער טויט, דאַרף מען זיך ניט אַרויסדרעהן.

— און, אויב מיר שטעהט פֿאָר צו בלײַבען לעבען, מוז איך מיך אונטערגעבען דעם גורל, ניט אַזוי? איהר זײַט אַ גליקליכער מענש, ריוואַרעס.

— יאָ, האָט די „ביהן" קורץ געענטפֿערט. — פֿון שטענדיג אָן ניט זיך מיר אַלץ אײַן.

איינינע מינוטען האָבען זיי געזעסען שווײַגענדיגערהייד, דערנאָך האָבען זיי גענומען רעדען וועגען די פרטים פֿון זייער ענין. אין אַ קורצע צײַט אַרום האָט זיי דזשעממאַ אַ רוף געטהאָן צו מיטאָג. נאָכ'ן מיטאָג האָבען זיך אַלע אַוועקגעזעצט אַרומטראַכטען

פֿערשידענע פּלענער. אַ זייגער עלף האָט זיך מאַרטינ! אויפֿגע־הויבען און גענומען דעם הוט.

— איך וועל געהן אַהיים און וועל אייך ברייננגען מיין ווענ־מאַנטעל, ריוואַרעס, וואָרום עס איז אייך לייכט צו דערקענען אין אייער העלען אָנצוג. אויסערדעם וועל איך אַקוק טהאָן צו עס זעהן זיך ניט קיין שפּיאָנען אַרום. איך וועל צוריקקומען אַרום האַלבע נאַכט און וועל אייך בעגלייטען ביז די טויערן פֿון שטאָדט. פֿיער אויגען איז בעסער פֿון צוויי. דזשעממאַ, גיט מיר דעם שליסעל, איך זאָל ניט דאַרפֿען קלינגען אַז איך וועל קומען.

ער איז אַוועק, לייכט אַ נויג טהוענדיג זיך און האָט בכיון אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן טיר, כדי דזשעממאַ'ס שכנים זאָלען מיינען, אַז איהרע געסט זענען שוין אַוועקגעגאַנגען.

דזשעממאַ האָט אָבגעלאָזען די דינסט געהן שלאָפֿען און אַליין האָט זי זיך אומגעקעהרט מיט אַ גלאָז שוואַרצען קאָפֿע.

— ווילט איהר זיך ניט צולעגען? — האָט זי געזאָגט — איך וועט אויסקומען ניט צו שלאָפֿען די גאַנצע נאַכט.

— אָ, ניין, איך וועל זיך דערנאָך אויסשלאָפֿען.

— טאָ טרינקט קאָפֿע. איך וועל אייך געבען ביסקוויט. זעצט זיך נעבען מיר און לאָמיר זיך ערנסט דורכשמועסען. עס איז דאָך אַ ספק צו עס וועט זיך אונז איינגעבען דורכצורעדען זיך נאָך אַ מאָל. טאָמער וועט איינער פֿון אונז דער'הרג'עט ווערען און...

— דאָס וועט זיין אַזוי ווי דאָס אָבענדברויט פֿאַר'ן אויספֿיהרען די טויטשטראָף. איהר דאַרפֿט היינט אויסשטעהן אַלע מיינע קאַפּריזען. פֿריהער פֿון אַלץ וויל איך, איהר זאָלט זיך זעצען אויף דעם שטוהל, און אַזוי ווי איהר האָט מיר פֿאָרגעלעגט צוצושפּאַרען זיך, וועל איך מיך דאָ צולעגען גאַנץ בעקוועם.

ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויפ'ן דיוואַן ביי איהרע פֿיס, האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן איילענבויגען אָן שטוהל און האָט איהר אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין.

— ווי בלאַס איהר זייט. דאָס איז צוליב דעם, ווייל איהר קוקט אויפ'ן לעבען מיט אַזעלכע אומעטיגע אויגען. — די „ביזהן" האָט איבערגעלעבט אַ שווער געפֿיהל, נאָר ער האָט זיך געסטאַרעט צו טרייבען שפּאַס.

— זייט כאָטש פֿינף מינוט ערנסט. עס האַנדעלט זיך דאָך פֿאָרט וועגען לעבען אָדער טויט.

— אַפֿילו צוויי מינוט וויל איך אויך ערנסט ניט זיין, מיין טייערע. ניט דאָס לעבען, ניט דער טויט פֿערדינען דאָס ניט.

ער האָט גענומען איהרע ביידע הענד און האָט לייכט געקלאַפּט איבער איהרע פינגער.

— טאָ וויט-זשע נישט, אומעטיג! אַ ניט וועל איך גלייך אָנ-הויבען וויינען, און איהר וועט דערנאָך אַליין הרטה האָבען. איך וואָלט וועלען, איהר זאָלט אַ שמייכעל טהאָן. ביי אייך איז דאָך אַזאַ אומגעריכטער שמייכעל. האָט אויף מיר קיין פּעראיבעל ניט, מיין טייערע; לאָמיר עסען אונזערע ביסקוויטען אַזוי ווי אַ פּאָר שטילע קינדער, לאָמיר זיך ניט קריגען; מאָרגען וועט דאָך אָנקומען דער טויט.

ער האָט גענומען אַ זיסען ביסקוויט פון טעלער און האָט איהם אָבגעהיט צוטיילט אויף דער העלפט.

— געהמט עסט עס, אַזוי ווי ביים היילינגען מאָלצייט אין דער קירכע. דערנאָך וועלען מיר אויסטרינקען ווין פון איין גלאָז, ווי דער מנהג איז. טהוט דאָס צוליב מיין אַנדענקען. זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ גלאָז אויפ'ן טיש.

— הערט אויף, — האָט זי געזאָגט כמעט וויינענדיג.

ער האָט אויף איהר אַ קוק געטהאָן און האָט ווידער אָנגענומען איהרע הענד.

— לאָמיר אויף אַ ווײַלע פערגעסען אַלע אונזערע דאגות. ווען איינער פון אונז וועט שטאַרבען, וועט דער צווייטער זיך דערמאָהנען אָן דער שעה. לאָמיר פערגעסען די רוישענדע, קאָכענדיגע וועלט. לאָמיר אַוועקגעהן צוזאַמען האַנד ביי האַנד אין די פערבאָרגענע געצעלטען פון טויט און מיר וועלען פליהען צווישען די רויטע מאָהן-בלומען. שטילער! לאָמיר אַביסעל שווייגען.

ער האָט אַרויפגעלעגט דעם קאָפּ אויף איהרע קניע און האָט פערשטעלט דאָס פנים מיט די הענד. זי האָט זיך שטיל איינגעבויגען איבער איהם, און האָט אַרויפגעלעגט די האַנד אויף זיין קאָפּ. אַזוי איז אַוועק די צייט און קיינער פון זיי האָט זיך ניט גערירט און ניט גערעדט. — ליעבער, ס'איז שוין באַלד צוועלף, — האָט זי ענדליך געזאָגט.

ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— אונז איז איגגאַנצען איבערגעבליבען איניגע מינוטען. מ אַ ר-ט י נ י! וועט גלייך צוריקקומען און, מעגליך, אַז מיר וועלען זיך שוין מעהר ניט טרעפען. ווילט איהר מיר גאַר ניט זאָגען?

ער האָט זיך באַלד אויפגעהויבען און איז אַוועק אין צווייטען עק צימער.

ס'איז געוואָרען שטיל אויף אַ רגע.

— איך האָב אייך צו דערצעהלען אַזאַך, — האָט ער קוים צום הערען געזאָגט... — איין זאַך... זאָגען אייך.

ער איז געבליבען שטעהן, און האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם פענסטער, פערדעקענדיג דאָס געזיכט מיט בײדע הענד.

— ווי לאַנג איהר האָט געוואַרט און האָט ניט געוואָלט רחמנות האָבען, — האָט זי שטיל געזאָגט.

— אויף מיר האָט קײנער אין מײַן גאַנצען לעבען קײן רחמנות ניט געהאַט און איך האָב פון אָנהויב גערעכענט, אַז אייך איז עס אַלץ איינס.

— איצט רעכענט איהר דאָס ניט?

אַ מינוט האָט זי געוואַרט, מײנענדיג, אַז ער וועט אָנהויבען רעדען; דערנאָך איז זי דורכגעגאַנגען דעם צימער און האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבען איהם.

— זאָגט מיר שוין אַ מאָל דעם אמת, — האָט זי אַרויסגעשעפטשעט.

— בעטראַכט זיך נור, אויב מען וועט אייך הרגענען, און מיך ניט, וועל איך מײַן גאַנץ לעבען נישט וויסען אויף געוויס...

ער האָט פעסט געדריקט איהרע הענד אין זײַנע.

— אויב מען וועט מיך הרגענען... זעהט איהר, ווען איך האָב מיך אַוועקגעלאָזען קײַן דרום־אַמעריקאַ... און... מ אַ ר ט י נ י...

ער האָט זיך אָבגעהאַלטען, האָט אַ ציטער געטהאָן מיט'ן גאַנצען קערפער, דערנאָך האָט ער ברייט פאַנאַנדערגעעפענט די טיר אין פאָדערצימער. מ אַ ר ט י נ י האָט אָבגעווישט די שטיוועל בײַם אײַנגאַנג.

— פונקט צום מ... מינוט, ווי אַלע מאָל. איהר זײַט אַ לעבע־דיגער זײגער, מ אַ ר ט י נ י! דאָס איז אייער רע... געממאַנטעל?

— יאָ, מיט נאָך קלײנינקײטען. עס געהט אַ גוס־רעגען. אײַך שטעהט פאַר ניט גאָר קײַן אַנגענעהמע רײַזע.

— אַלץ איינס. אויפ'ן גאַס איז אַלץ רוהיג?

— יאָ, אַלע שפּיאָנען זענען, דוכט זיך, אַוועק שלאָפען. אַזוינס איז פערשטענדליך אין אַזאַ שלעכטען וועטער. דאָס איז קאַפע, דזשעממאַ? ריוואַרעס מוז אויסטרינקען עפּעס וואַרעמעס איידער ער וועט אַוועקפאָהרען אין אַזאַ נאַסקײַט, אַניט וועט ער זיך נאָך פערקיהלען.

— דאָס איז שטאַרקער שוואַרצער קאַפע. איך וועל אויפזיידען אַ ביסעל מילך.

זי איז אַרויס אין קיך מיט פעסט צוזאַמענגעפרעסטע ליפּען און האָט זיך געסטאַרעט אײַנצוהאַלטען איהר אויפגערעגטקײַט.

ווען זי איז אַרײַן צוריק האָט די „ביהן“ אָנגעטהאָן דעם מאַנטעל. ער האָט אויסגעטרונקען שטעהענדיג דאָס גלאָז קאַפֿע און האָט גענומען דעם ברייטען רײַזע־הוט.

— איך דענק, אַז עס איז צײַט צו געהן, מאַרטיני. ס'וועט דאָך אויסקומען מיט הינטער־וועגליך אַרויסקלײַבען זיך הינטערן שטאָדט. דערוויילע זײַט געזונד, סיניאָראַ, מיר וועלען זיך זעהן פֿרײַטאָג אין פּאָרלי, אויב עס וועט ביז יענער צײַט גאָר ניט פּאַסירען. וואַרט נאָר אַ'נ'אויגענבליק. אָ.... אָט איז מײַן אַדרעס.

ער האָט אַרויסגעריסען אַ בלעטעל פֿון טאַשענביכעל און האָט אויפֿגעשריבען עטליכע ווערטער מיט אַ בלײַשטיפֿט.

— איך האָב שוין דעם אַדרעס, — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט.

— איהר האָט? פֿונדעסטוועגען האָב איך אײַך איהם אויפֿגעשריבען אויף יעדען פֿאַל. קומט, מאַרטיני, שטילער, מאַכט ניט קײַן רעש מיט'ן טיר.

זיי זענען פֿאָרזיכטיג אַראָבגעגאַנגען פֿון די טרעפּ. ווען די טיר פֿון גאַס האָט זיך פֿערמאַכט הינטער זיי, איז דזשעממאַ אַרויף צוריק אין צימער און האָט ניט ווילענדיג פֿאַנאַנדערגעוויקעלט דעם פּאַפּירעל, וואָס ער האָט איהר אַרײַנגעלעגט אין האַנד. אונטער דעם אַדרעס איז דאָרטען געווען אויפֿגעשריבען: „איך וועל אײַך אַלץ דערצעהלען, ווען מיר וועלען זיך ווידער זעהן“.

II.

אין בריזיגעלאַ איז געווען אַ מאַרק־טאָג, און די פּויערים פֿון די אַרומיגע דערפֿער זענען אָנגעפֿאָהרען און מיטגעבראַכט צום פֿערקויפֿען הזירים, פֿויגלען, האַלבווילדע פֿיה פֿון די בערג. אַלץ האָט געלאַכט און איז פֿרעהליך געווען. מאָנסיניאָר מאָנטאַנעלי איז אַרויס בעגריסען דעם עולם. עס האָבען איהם באַלד אַרומגערינגעלט אַ מהנה קינדער און דערוואַקסענע. מיט יעדען אײנציגען האָט ער געפֿונען וואָס צו רעדען. ער פֿלעגט שטענדיג געדענקען די נעמען און דעם עלטער פֿון די קינדער, די דאגות פֿון די עלטערן און פֿלעגט פֿאַנאַנדערפֿרעגען מיט גרויס אינטערעס וועגען דעם, צו איז געזונד געוואָרען די קוה, וואָס איז קראַנק געוואָרען פֿאַר ווייהנאַכטען, וואָס איז געוואָרען מיט דער ליאַלקע, וועלכע איז פֿאָריגעס מאָל אויפֿ'ן מאַרק אונטערגעפֿאַלען אונטער אַ וואָגען.

ווען מאָנטאַנעלי איז אַוועק צו זיך אין פּאַלאַץ האָט זיך

אָנגעהויבען דער מסתור. אַ הינקעדיגער מענש אין אַ בלויער העמד מיט שוואַרצע האָר מיט אַ טיעפּען שניט אויף דער לינקער באַק איז צוגעגאַנגען צו אַ העַנדלערקע און האָט אויף אַ שלעכטער איטאַליע־נישער שפּראַך געבעטען ביי איהר לימאָנאַד.

— איהר זייט ניט קיין היגער — האָט געפרעגט די פרוי.

— ניין, איך בין פון קאָרסיקאַ. איך זוך אַרבייט.

— זאָל אייך גאָט העלפען! אָבער שלעכטע צייטען זענען איצטער!

— אין קאָרסיקאַ איז אָבער נאָך ערגער. איך ווייס נישט, וואָס מען הויבט אָן צו טהאָן!

— טאָ ווי־זשע זענט איהר אַליין אַהער געקומען?

— ניין, איך בין געקומען מיט אַ חבר צוזאַמען. פּאַאָלאָ קום אַהער.

איינע פון דער „ביהנ'ס" חברים, אָנגעטהאָן ווי אַ פּויער, איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען האַלטענדיג די הענד אין די קעשענעס. ער האָט אויסגעזעהען גאָר ווי אַן עכטער קאָרסיקאַנער, ניט קוקענדיג אויף דעם געלען פּאַרוק, וואָס ער האָט אָנגעטהאָן, כדי מען זאָל איהם ניט דערקענען. די „ביהן" האָט געשפּיעלט זיין ראָליע פּרעכטיג. זיי האָבען אָנגעהויבען אַרומצובלאָנקען איבער'ן מאַרק אויפּוואַרטענדיג אויף אַ מענשען, וועלכער האָט זיי געדאַרפט איבערגעבען וויכטיגע ידיעות.

באַלד האָט זיך בעוויזען אַ רייטער אָנגעטהאָן ווי אַ פּערוואַלטער פון אַ הויף. דאָס איז געווען דער חבר, אויף וועלכען די „ביהן" האָט געוואַרט.

ער איז צוגעגאַנגען צום רייטער.

— דאַרפט איהר אפשר אַנ'אַרבייטער צום היי־שניידען, מיין העַרר! — האָט ער געזאָגט, נעהמענדיג זיך פאַר דאָס צודיסענע היטעל און אַ פידהר טהוענדיג מיט'ן פינגער איבערן צוים פון פערד.

דאָס איז געווען אַנ'אָבגערעדעטער צייכען.

דער רייטער איז אַראָב פון פערד און האָט אַריבערגעוואָרפען די לייצעס איהם אויפ'ן האַלז.

— ביי וואָס פאַר אַנ'אַרבייט קענט איהר זיך נעהמען?

די „ביהן" האָט אָנגעהויבען צו קנייטשען דאָס היטעל אין די הענד.

— איך קען שניידען היי, מיין העַרר, האָט ער אָנגעהויבען און גערעדט ווייטער מיט דעם זעלבען טאָן: איינס ביי נאַכט, ביים אַריינגאַנג אין דעם קיילעכדיגען קעלער. נעהמט מיט אַ פּאָר גוטע

פֿערד מיט אַ פֿוהר. איך וועל וואַרטען אין קעלער. איך קען אויך ערד גראָבען, מײַן הערר!

— גוט, האָט איהר שוין געאַרבײַט ערגעץ־וואו אין די דאָזיגע ערטער?

— איינמאָל נור, מײַן הערר! געדענקט אַז מען דאַרף קומען גוט בעוואַפֿענט. מיר קענען זיך טרעפֿען מיט אַנאָטריאַד קאַוואַלעריע. געהט ניט דורכ'ן וואַלד. דער צווייטער ווײַט איז זיכערער. אויב איהר וועט בעגעגענען אַ שפּיאָן, רעדט מיט איהם ניט. גלײַך געשאָסען. — איך וועל אײַך זעהן צופֿרידענשטעלען, מײַן הערר!

אין דערזעלבער צײַט איז צוגעגאַנגען צו זיי אַנאָרעמאַן אין צעריסענע קליידער און האָט אָנגעהויבען רעדען מיט אַ וויינענדיגען קול:

— האָט רחמנות אויף אַנאָרעמען בלינדען... געהט אַוועק גיכער! עס פֿאָהרט אַהער די קאַוואַלעריע... זיי זוכען אײַך, אין אַ פּאָר מינוט אַרום וועגען זיי שוין דאָ... זאָל אײַך גאָט העלפֿען... אײַלט זיך צו. אומעטום וועגען פֿול שפּיאָנעס, עס איז אוממעגליך דורכצוגנבֿ'ענען זיך אונבעמערקט.

דער רײַטער האָט איבערגעגעבען די לייצעס דער „ביהן".

— פֿאָהרט גיכער אַוועק צום בריק און וואַרפֿט אַוועק דאָס פֿערד. דאָרט קען מען זיך בעהאַלטען אין רוי. מיר וועגען אַלע גוט בעוואַפֿענט און קענען פֿערהאַלטען די קאַוואַלעריע אויף אַ מינוט צעהן.

— ניין, איך וויל ניט, איהר זאָלט אַרעסטירט ווערען. שטעלט זיך אַלע נעבען מיר און שיסט איינע נאָך די אַנדערע. לאָמיר צוגעהן נעהענטער צו די פֿערד. גרייט אָן די מעסערס. מיר וועלען אָבטרעטען, פֿערטהיידיגענדיג זיך. ווען איך וועל אַ וואָרף טהאָן דאָס היטעל, זאָלט איהר נעהמען די פֿערד און ענטלויפֿען אין וואַלד.

זיי האָבען גערעדט רוהיג און שטיל. באַלד נאָכדעם האָבען זיי זיך אויפֿגעהויבען פֿון אָרט אַלע צוזאַמען: דער פֿערוואַלטער האָט געפֿיהרט זײַן פֿערד פֿאַרן צוים. די „ביהן" איז געגאַנגען גלײַך מיט זיי, צוהינקענדיג, און דער בעטלער איז זיי נאָכגעגאַנגען מיט אַנ־אויסגעשטעלטער האַנד און האָט מיט אַ וויינענדיג קול געבעטען נדבות. זיי האָבען באַלד אָנגעזאָגט זייערע איבעריגע חברים, וואָס וועגען געוועזען פֿערקליידט ווי פּויערים, און זיצענדיג אויף דער ערד האָבען זיי געגעסען ציבעלע. זיי האָבען זיך באַלד אויפֿגעהויבען און זיך אויסגע־שטעלט אַלע זיבען בײַ די טרעפּ פֿון פּאַלאַץ, יעדערער האָט געהאַט בײַ זיך אַ פּיסטאָלעט; די צוגעבונדענע פֿערד וועגען געוועזען דערבײַ.

די „ביהן" האָט אָבגעגעבען אַ בעפעהל: שיסט ניט אין קיין מענשען, נור זעהט צו פערוואונדען די פערד. זאָלען דריי שיסען, און דריי אָנלאָדען.

דאָ האָבען זיך בעוויזען אויפ'ן מארק פּופּצעהן בעוואפענטע רייטער.

איינער פון דער „ביהן'ס" חברים האָט געפרעגט:

— אפשר מאַכען נאָר די פליטה איצט?

— ניין, אונז האָבען אַרומגערינגעלט שפּיאָנען און איינער פון זיי האָט מיך דערקענט.

— וועלכער איז דער שפּיאָן?

— דער ערשטער, אין וועלכען איך וועל אויסשיסען.

אין דערזעלבער צייט האָט דער קאפּיטאַן, דער אָנפיהרער פון די רייטער, אויסגעשריען:

אַוועק פון וועג! אינ'ם נאָמען פון זיין היילינקייט!

דער עולם האָט זיך אָבגערוקט, פערוואונדערט און צורודערט.

— די סאָלדאַטען האָבען זיך געשווינד אַ קעהר געטהאָן צו דער גרופּע, וואָס איז געשטאַנען ביים פּאַלאַץ.

די „ביהן" האָט אַרויסגענומען דעם פּיסטאָלעט און האָט אויס־געשאָסען אין דעם שפּיאָן, וועלכער איז אומגעפאַלען אַ פערוואונ־דעטער. גלייך נאָכדעם האָט מען נאָך זעקס מאָל אויסגעשאָסען.

איין פערד פון די רייטער האָט זיך אַ שאָקעל געטהאָן און אומגעפאַלען, דערנאָך נאָך איין פערד, וואָס איז געפאַלען מיט אַ דורכדרינגענדער היזשעריי. אין דעם טומעל און ליאַרם, וואָס דער עולם האָט אויפגעהויבען, האָט זיך דערהערט דעם קאָמאַנדירס בע־פעהלענדע שטים:

— עולם, נאָך מיר!

ער האָט זיך אָבער מיט אַמאָל אַ שאָקעל געטהאָן אויפ'ן זאָטעל און איז געפאַלען אויף הינטער. די „ביהן" האָט אין איהם געצילט, מיט דער כונה צו דערהרג'ענען איהם אויף טויט. איבער זיין מונדיר האָט גערונען בלוט. ער האָט זיך אָבער מיט כעס אָנגעכאַפּט פאַר דער גריווע פון פערד און האָט ביז אַ געשריי געטהאָן:

— דערהרג'עט אויפ'ן אָרט דעם הינקעדיגען מחבל! אויב נאָר איהר קענט איהם ניט כאַפּען אַ לעבעדיגען: דאָס איז ריוואַרעס.

די „ביהן" האָט אַ וואָרף געטהאָן דאָס הימעל, אַ כאַפּ געטהאָן דעם אָנגעלאָדענעם פּיסטאָלעט און האָט געוואָלט וויעדער אויסשיסען.

אין דער מינוט איז אַרויס מ אָ נ ט אַ נ ע ל י, און, ערשטווינט פון דעם וואָס איז פאָרגעקומען, האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— וואַרפֿט אַוועק די בּיקסען!

אין אַנ'אויגענבליק איז ער שוין געשטאַנען פֿאַר דער „בּיהן“ פּונקט אַנטקעגען פּיסטאָלעט, צווישען די שטרײַטענדע.

דער „בּיהג'ס“ חבֿרים זענען שוין אין דער צײַט געווען אויף די פֿערד. די „בּיהן“ אַלײן האָט זיך אויך געקענט ראַטעווען, אָבער אַז ער האָט דערזעהן געגען זיך דעם מענשען אין דעם פּורפּור־מאַנטעל, האָט ער אַ ציטער געטהאָן אין די האַנד, וואָס האָט געהאַלטען דעם פּיסטאָלעט, האָט זיך אַראָבּגעלאָזען.

דאָס איז געווען די ענטשײַדענדע מינוט. די סאָלדאַטען האָבען איהם בּאַלד אַרומגערינגעלט, אַ וואָרף געטהאָן, און מיט אַ צובּלוטיגטעם געזיכט איז ער געלעגען אונטער די פֿיס פֿון די פֿערד, פֿון סאָלדאַטען און שפּיאָנען.

מ אָ נ ט אַ נ ע ל י האָט פֿון אָנהויב גאָר ניט בּעמערקט, נאָר אַז ער האָט זיך אײַנגעבּויגען איבּער'ן פֿערוואונדעטען שפּיאָן, האָבען איהם די קולות פֿון עולם געצוואונגען אויפֿצוהויבּען די אויגען. ער האָט דערזעהן, ווי די סאָלדאַטען האָבען געשלעפּט די „בּיהן“ נאָך זיך פֿאַר אַ שטריק. פֿון די יסורים האָט זײַן פּנים אויסגעזעהן ווי בּײַ אַ טויטען, און ער האָט קוים געקענט אָבּציהען דעם אָטעם. דאָך, האָט ער אַ קוק געטהאָן אויפֿ'ן קאַרדינאַל, שמײכלענדיג מיט די בּלאַסע ליפּען, און ער האָט אַרויסגעשעפּטשעט:

— כ... ג... גראַטוליר אײער הײליגקײט!

III.

די „בּיהן“ האָט מען אַרײַנגעזעצט אין פֿעסטונג, פֿערשמידט אין קייטען, אונטער אַ שטרענגער וואַך.

זײַנע פֿרײַנד און חבֿרים האָבען זיך צונויפֿגעקליבּען אַלע צוזאַמען, כּדי צו בּעטראַכטען די פֿראַגע, ווי צו ראַטעווען איהם. ד ז ש ע מ מ אַ איז אויך געווען צווישען זיי.

קײנער האָט ניט געקענט בּעגרײַפֿען, ווי אַזוי ער איז אַרײַנגעפֿאַלען.

— ער איז געשטאַנען נאָהענט צום פֿערד און עס איז גאָר קײנעם אויפֿ'ן זינען ניט אַרויף, אַז ער וועט צולאָזען די סאָלדאַטען צו זיך. און דאָך, ווען דער קאַרדינאַל האָט זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַר זיי, האָט זיך די „בּיהן“ פֿערלאָרען, האָט מיט אײן האַנד אַראָבּגעלאָזען דעם פּיסטאָלעט, און מיט דער אַנדערער האָט ער צוגעמאַכט

די אויגען. די סאָלדאַטען האָבען זיך נאַטירליך בענוצט מיט דעם, און האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם.

— איך פערשטעה דאָס ניט — ,האָט אַ קאָנטראַבאַנדיסט געזאָגט.

— ס'איז אַזאַ וואונדער, אַז די „ביהן“ זאָל זיך צוטומלען אין אַזאַ ענטשיידענדער מינוט.

— מן הסתם האָט ער אַראָבגעלאָזען דעם פּיסטאָלעט, כדי ניט צו הרג'ענען אַנ'אונבעוואָפּענטען! — האָט מאַרטיני געזאָגט.

— זאָל זיך קיין אונבעוואָפּענטער ניט רוקען אַהין, וואו מען שלאָגט זיך. אַ מלחמה בלייבט אַ מלחמה. אויב ריוואַרעס וואָלט אַרייננעלאָזען אַ קויל אין זיין הייליגקייט, אָנשטאָט צו לאָזען זיך כאַפּען, ווי אַ געוואוינטער קראָליק, וואָלט אויף דער וועלט געווען מיט איין אָרענטליכען מענשען מעהר און מיט איין גלח וועניגער, — האָט געזאָגט מיקעלע, אַ פערקומערטער קאָנטראַבאַנדיסט.

ער האָט זיך אָבגעווענדט בייסענדיג די וואָנסען, און האָט שיער ניט געוויינט פון ווילדער אויפרעגונג.

— ווי די מעשה איז, — האָט מאַרטיני געזאָגט, — איצט דאַרף מען אַ טראַכט טהאָן, ווי צו העלפען איהם אַנטלויפען. זענען אַלע איינשטימיג צו נעהמען זיך פאַר דעם?

איינינע פון די חברים האָבען אפילו ניט געהאלטען פאַר נויטיג צו ענטפערן אויף אַזאַ איבעריגע פראַגע, נור מיקעלע האָט געזאָגט:

— איך וואָלט מיין אייגענעם ברודער דערשאָסען, ווען ער וואָלט ניט איינגעשטימט!

דזשעממאַ, צוטראָגענן אין דערשלאָגען, האָט אַרויסגענומען פון טיש איינינע בויגען פּאַפּיר — דאָס איז געווען דער פּלאַן פון פעסטונג מיט אַלע געהיימע גענג. עס איז אפילו געווען אָנגעצייכענט אויפ'ן פּלאַן דער אָרט, וואו די „ביהן“ איז געזעסען. דאָס אַלץ איז מיטגעטיילט געוואָרען דורך אַ סאָלדאַט מיט'ן נאָמען סוערטשאָק, וואָס האָט געדינט אין פעסטונג. ער איז געווען אַ שוועסטערקינד איינעמ'ס פון די קעמפּפער, און מיט דער הילף פון בעקאַנטשאַפט און פּראָטעקציע האָט מען איהם אומישנע געקראָגען אַ שטעלע אין פעסטונג.

סוף כל סוף איז בעשלאָסען געוואָרען צו העלפען דער „ביהן“ אַנטלויפען פון פעסטונג. דזשעממאַ און מאַרטיני האָבען גע־נומען אויף זיך אויסצואַרבייטען גענויער דעם פּלאַן. —

## IV.

די „ביהן“ האָט פֿערשאַפֿט אַפֿילע זאָרגען דעם גובערנאַטאָר, וועמעס לאַגע, אַלס אַדמיניסטראַטאָר, איז איבערהויפּט ניט געוועזען קיין לייכטע.

ער האָט געלעבט צווישען ניט קיין אַנגענעהמער פֿערקומערטער בעפֿעלקערונג. די גאַנצע געגענד איז געוועזען פֿול מיט קאָמפּלאָטען, פֿון אַלע קאַנטען פֿלעגען אָנקומען ידיעות וועגען פֿערבאָרגענעם געוועהר. און מיט אַמאָל האָט זיך נאָך אונטערגערוקט די „ביהן“, אַ מין פּגע רע, וואָס האָט איהם קיין מנוחת-שעה ניט געלאָזען.

דער גובערנאַטאָר האָט איהם ניט געקענט מוחל זיין דאָס, וואָס ער האָט פֿערוואונדעט זיין שוועסטערקינד און האָט דערהרג'עט זיין געשיקטעסטען שפּיאָן. צו דעם אַלעם האָט נאָך דער „הינקעדיגער שפּאַנישער טייוועל“ בעוויזען זיינע שטיק אין טורמע אויך.

אַ שטאַרקען איינדרוק האָט ער געמאַכט אויף די וועכטער פֿון טורמע, ביים פֿערהער פֿלעגט ער חוזק מאַכען פֿון די זשאַנדאַרמען.

אַ וואָכען דריי איז ער שוין געזעסען אין פֿעסטונג און די בעאַמטע פֿון בריזיגעלאַ האָבען ניט געוואוסט, וואָס צו טהאָן.

מען האָט איהם געשלעפּט פֿון איין פֿערהער צום צווייטען, מען האָט איהם געסטראַשעט, זיך געפּרובירט אַרויסצובעקומען פֿון איהם עפּעס מיט גוטען און מיט בייזען — עס האָט אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפֿען, זיי האָבען פֿון איהם אַ האָהר נישט דערגאַנגען. און דאָ זענען געגאַנגען קלאַנגען, אַז מען וויל איהם בעפֿרייען מיט געוואַלד.

דאָס איינציגע מיטעל ווי אַזוי פּטור צו ווערען פֿון דעם אַרעס־טירטען, וואָלט געוועזען — דאָס איבערגעבען איהם צום קריעגס־געריכט, אָבער מאָנטאַנעלי, דער גייסטליכער ראש הקהל פֿון שטאָדט, איז געוועזען געגען דעם.

דער גובערנאַטאָר האָט גע'כעס'ט אויף מאָנטאַנעלי'ן, ער פֿלעגט איהם אָנרופֿען פֿאַר זיך דער גוטער אָרענטליכער נאַר, אָבער ער האָט גאָר ניט געקענט מאַכען.

אָהן דעם קאַרדינאַלס אונטערשריפֿט האָט דער גובערנאַטאָר מורא געהאַט איבערצוגעבען די „ביהן“ צום קריעגס-געריכט.

— ווען אייער הייליגקייט וואָלט געוואוסט, ווי דער מענש האָט מיך פֿערמאַטערט, — האָט זיך דער גובערנאַטאָר געקלאָגט פֿאַר מאָנ־טאַנעלי'ן. איך פֿערשטעה גאַנץ גוט, אַז אין געריכטליכע ענינים טאָרען נישט דערלאָזט ווערען קיין אונריכטיגקייטען, אָבער דאָ האָבען

מיר גאר אַנ'אויסערגעװעהנליכען פאַל, װעלכער פאָדערט מען זאָל אָנװענדען אויסערגעװעהנליכע מיטלען.

— עס איז ניטאָ אַזאַ פאַל, װעלכער זאָל פאָדערן אונגערעכטיג־קייט, האָט מ אָ נ ט אַ נ עֶ ל י געענטפערט. עס איז געגען געזעץ און געגען יושר צו משפּט'ען פאַר אַ קרימינעל פערברעכען מיט'ן קריגס־געריכט.

— ער האָט אָבגעטהאָן ניט איין פערברעך, נור עטליכע. ער האָט גענומען אַנ'אַנטייל אין דעם שענדליכען אַטענטאַט אין ס אַ װ י נ י אָ, און די קריגס־קאָמיסיע װאָלט איהם געװיס פער'משפּט צום שיסען, װען ער װאָלט ניט ענטלאָפען אין ט אָ ס ק אַ נ אַ. פון יענער צייט אָן האָט ער ניט אויפגעהערט צו בעשעפטיגען זיך מיט קאָמפּלאָטען. װי עס װייזט אויס, איז ער געװעזען דער אָנפיהרער אין דער הריגה פון דריי װיכטיגע פּאָליציי־אַגענטען. מען האָט איהם שיער ניט געכאַפּט בשעת ער האָט קאָנטראַבאַנדיש איבערגעפיהרט געװעהר אין די פּויפּסטליכע פּראָװינץ. ער האָט בעװיזען אַ בעװאָפנעטען װידערשטאַנד דער רעגירונגסמאַכט און האָט דערביי פערװאונדעט צװיי אָפּיצירען, און איצט קען נאָך צוליב איהם געשטערט װערען די רוה און די אָרדנונג אין שטאָדט.

— װאָס ער זאָל ניט האָבען געטהאָן, — האָט מ אָ ט אַ נ עֶ ל י געענטפערט — האָט ער אַליך דאָס רעכט, מען זאָל איהם משפּט'ען על פּי דין.

— דאָס איז אַנ'אֶמת'ער אַשמדאי. איך האָב שוין פיער מאָל געביטען די װעכטער צוליב איהם, ס'איז שוין מיאוס געװאָרען צו בעשטראָפען די סאָלדאַטען צוליב איהם; און דאָס העלפט פאָרט ניט. איך קען זיך בשום אופן ניט דערשלאָגען, אַז קיין בריעף זאָלען נישט איבערגעגעבען װערען צו איהם און פון איהם. די דאָזיגע תמ'ען װענען אין איהם פשוט פערליעבט.

— אַ מאָדנע זאַך דאָס איז.

— װען מען נעהמט איהם צום פערהער, קען מען מיינען, אַז דער בעאַמטער, װעלכער פאָרשט איהם אויס, איז דער שולדיגער, און ער, דער שולדיגער — איז דער ריכטער.

ער װייס אַ סך אונזערע טעות'ן און עבירות'לעך, און רעדט װעגען זיי מיט אַזאַ אונשולדיגער מינע, פּונקט װי ער װאָלט עפּעס געזאָגט אַ תּפילה. און דאָס אַליך טהוט ער אָב פאַר אונזערע קלענערע בעאַמטע אין די אויגען, װעלכע לאַכען דערנאָך פון אונז אָב. װען אַייער הייליגקייט װאָלט כאָטש איין מאָל בייגעװעזען, װען מען נעהמט איהם צום פערהער, בין איך זיכער, אַז איהר װאָלט מיך דאַן פער־

שטאַנען. עס איז גאָר ניט נויטיג ער זאָל וויסען, אַז איהר זייט דערביי.
איהר קענט הערען...

מאָנטאַנעלי האָט אַ קוק געטהאָן מיט פערראַכטונג אויפ'ן גובערנאַטאָר און האָט געזאָגט:

— איך בין גאָט'ס דיענער, און ניט קיין פּאָליציייאישער שפּיאָן. עס געהערט ניט צו מיינע פפליכטען אונטערצושטעלען דעם אויער.

— איך האָב אייך ניט געוואָלט באַליידיגען.

— מיר שיינט, אַז פון אונזער רעדען וועט גאָר ניט אַרויסקומען. בעסער שיקט צו דעם אַרעסטירטען צו מיר.

— איך ערלויב מיר מיט אַלטונג אָבצוראַטען אייך דערפון. דעם מענשען איז אונמעגליך אויסצובעסערן. עס איז בעסער ניט מקפיד צו זיין אויפ'ן אות פון געזעץ און פטור צו ווערען פון איהם פריהער, איידער ער וועט אָנמאַכען נאָך צרות. איך בין פעראַנטוואָרט־ליך פאַר די רוה פון שטאָדט און דעריבער האַלט איך, אַז עס איז דורכאויס נויטיג אַ קריעגס־געריכט.

און איך טראָג די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר גאָט און פאַר זיין אַלערהייליגקייט אין דעם, אַז אין מיין פּראָווינץ זאָל ניט פאָר־קומען קיין אונגערעכטיגקייט. איך וועל ניט דערלאָזען קיין געהיימעס קריעגס־געריכט אין אַ פרידליכער צייט.

— ווי אייער הייליגקייט וועט בעפעהלען, האָט דער גובערנאַטאָר געענטפערט מיט קאַלטער פערעהרונג און איז אַוועק, מורמלענדיג צו זיך: „זיי זענען ביידע אַ פּאָר גלייכע עקשנים“.

אויף מאָרגען האָט מען די „ביהן“ געבראַכט אונטער אַ שטאַרקער שמירה אין אַ צימער, וואו ער האָט דערזעהן מאָנטאַנעלי'ן ביי אַ טיש פול מיט פּאַפּירען. ער האָט פּלוצלונג זיך דערמאָהנט אָן דעם הייסען זומער־טאָג, ווען ער איז געזעסען, איבערבלעטערענדיג די מאַ־נוסקריפּטען, אין אַ קאַבינעט, ענגליך צו דעם איצטיגען. טרעהרען האָבען זיך איהם געשטעלט אין האַלז, נור ער האָט מיט כעס אָב־געוואָרפען די האָר פון שטערן און האָט אַרויפגעצויגען אַ שמייכעל אויפ'ן פּנים.

מאָנטאַנעלי האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן און האָט געהייסען די סאָלדאַטען זיי זאָלען וואַרטען אין פאָרצימער.

איינער פון זיי האָט אָנגעהויבען צו רעדען וועגען דעם, אַז דער אַרעסטירטער איז אַ געפעהרליכער מענש און אַז עס איז גלייכער ניט צו לאָזען איהם אַליין, אָבער מאָנטאַנעלי האָט אויפגעהויבען די ברעמען און האָט מיט כעס געהייסען, אַז מען זאָל לאָזען דעם

אַרעסטירטען צו רוה. אַז די סאָלדאַטען זענען אַרויס, האָט מאָנטאַ-
נעלי געבעטען די „ביהן" זעצען זיך און האָט געזאָגט:

— סיניאָר ריוואַרעס! איך האָב אייך געוואָלט שטעלען אַ
פּאָר פראַגען, און איך וואָלט אייך זעהר דאַנקבאַר געווען, ווען איהר
וואָלט מיר אויף זיי געענטפערט.

— עס איז איצט מ... מיין איצטיגע הויפּט-בעשעפטיגונג
איז אויסצוהערען פראַגען.

— אָבער ניט צו ענטפערען אויף זיי? אַזוי האָט מען מיר
דערצעהלט. יענע פראַגען האָבען אָבער אייך געשטעלט בעאַמטע,
וועלכע זענען בעשעפטיגט מיט דער אויספאָרשונג פון אייער ענין.
זיי מוזען זיך בענוצען מיט אייערע תשובות, ווי מיט בעווייזען.

— און די פ...פראַגען פון אייער היילינקייט?

עס האָט זיך עפּעס געהערט אַ פערבאָרגענע בעליידיגונג אין
דעם טאָן, איידער אין די ווערטער אַליין.

מיינע פראַגען — האָט מאָנטאַנעלי בעשיידען געזאָגט — וועלען בלייבען צווישען אונז. אויב זיי וועלען האָבען אַ שייכות צו אייערע
פּאָליטישע סודות, דאַרפט איהר, געוויס, אויף זיי ניט ענטפערן. אויב
אָבער ניט — בעט איך אייך ענטפערן מיר, איהר וועט מיר טהאָן
דערמיט אַ פערזענליכע טובה.

— איך בין בערייט צו דינען אייער היילינקייט — האָט ער זיך
לייכט אַ נייג געטהאָן, אָבער דער אויסדרוק פון זיין פנים איז געווען
אַזאַ, וואָס האָט יענעם נישט צוגעגעבען קיין חשק פאַר אַזוינע
בקשות.

— ערשטענס, זאָגט מען אַז איהר פלעגט אַריבערפיהרען געווע-
ווער אין די פּראָווינצען פון פּויפּסט. צו וואָס האָט איהר עס
נעדאַרפט?

— כ...כדי צו פערניכטען די מייז.

— וואָס פאַר אַ שרעקליכער ענטפער. צו האַלט איהר דען
אַלעמען, וועלכע זענען ניט פון איין איבערצייגונג מיט אייך פאַר
מייז?

— איינעגע פ...פון זיי.

מאָנטאַנעלי האָט זיך אָנגעלעהנט אָן שטול און האָט
מיט אַ מאָל דערזעהן אויפ'ן „ביהנ'ס" האַנד אַ פרישע, בלאָה-געוואָרענע
וואונד.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער אַ פרעג געטהאָן.

— דאָס איז אַ קלייניגקייט! — האָט די „ביהן" געענטפערט —

בעת מען האָט מיך אַרעסטירט, איז, אַ דאַנק אייער הײליגקײט, איינער פֿון די סאָלדאַטען מיר אַרויפֿגעטראָטען אויפ'ן האַנד.

מאָנטאַנעלי האָט גענומען דער „ביהנ'ס" האַנד און האָט זי אויפֿמערקזאַם בעקוקט. זי איז שוואַרץ געוואָרען און פֿערשוואָלען.

— ווי אַזוי איז זי איצט אין אַזאַ צושטאַנד?

— אפֿשר איז דאָס רייַבען פֿון די אייזענס ניט בעזאָנדערס גוצליך פֿאַר איהר, דאָס זענען די צייכענס וואָס די צייהנער פֿון איינער אַ מויז האָבען איבערגעלאָזט.

דער קאַרדינאַל האָט אויפֿגעהויבען די אויגען אַ פֿערקומערטער.

— ניט=שוין=זע האָבען זיי אָנגעטהאָן קייטען אויף אַ פֿרישער וואונד?

— ג...געווים, אייער הײליגקײט, דערצו זענען פֿרישע וואונדען בעשאַפֿען. אַלטע וואונדען טויגען דערצו ניט, זיי וואָלטען נור גענאָגט. מען קען זיי אָבער ניט צווינגען צו ברענען, ווי געהעריג איז.

מאָנטאַנעלי האָט געעפֿענט אַ קעסטעל מיט רפֿואות און האָט גענומען צערטליך באַנדאַזשירען די האַנד.

— איך וועל זיך דורכרעדען וועגען די קייטען, האָט ער געזאָגט.

— און איצט וויל איך אייך פֿאָרלעגען נאָך אַ פֿראַגע. וואָס רעכענט איהר צו טהאָן?

— דערויף קען איך געבען גאָר אַנ'איינפֿאַכען ענטפֿער: איך וועל זעהן צו אַנטלויפֿען, אויב איך וועל קענען, און אויב ניט וועל איך שטאַרבען.

— פֿאַרוואָס שטאַרבען?

— וואָרום אויב דער גובערנאַטאָר וועט ניט פֿועל'ן מען זאָל מיך שיסען, וועט מען מיך פֿערשיקען אויף די גאַלערען, און דאָס איז פֿאַר מיך אַלץ איינס, ווי דער טויט.

מאָנטאַנעלי האָט זיך פֿערטראַכט און האָט דערנאָך אַ פֿראַגע געטהאָן:

— און אויב אייך וועט זיך איינגעבען צו אַנטלויפֿען, וואָס וועט איהר נאָכדעם טהאָן?

— איך האָב דאָך שוין געזאָגט אייער הײליגקײט. איך וועל סמ'ען די מייז.

— אַלזאָ, אויב איך וועל אייך איצט בעפֿרייען, למשל, וועט איהר זיך בענוצען מיט דער פֿרייהייט, כדי צו בעגעהן געוואַלטען און צו פֿערגיסען בלוט?

די „ביהן" האָט אויפֿגעהויבען די אויגען צום צלם, וואָס איז געהאַנגען אויפ'ן וואַנד.

— „ניט מיט פֿריעדען, נור מיט'ן שווערד", איז געזאָגט אין דער הייליגער שריפֿט. איהר זעהט, איך געפֿין מיך אין אַ גוטער געזעל־שאַפֿט. איבריגענס, איך פֿערזענליך האַלט מעהר פֿון אַ פּיסטאָלעט, איידער פֿון אַ שווערד.

— סיניאָר ריוואַרעס — האָט דער קאַרדינאַל געזאָגט מיט אַנ'אונגעשטערטער רוהיגקייט, — איך פֿערזענליך האָב ניט בעליידיגט און זיך לייכטזיניג ניט אָבגערופֿען ניט וועגען אייער גלויבען, ניט וועגען אייערע פֿריינד. קען איך פֿון אייער זייט אויך ניט פֿערלאַנגען דיזעלבע העפֿליכקייט.

— אַך, יאָ. איך האָב גאָר פֿערגעסען, אַז אייער הייליגקייט רעכענט איין די העפֿליכקייט אין דער צאָהל פֿון די קריסטליכע גוטע מעשים.

לאַנג האָט די „ביהן" מיט מאָנטאַנעלי'ן געשמועסט אויף אַזאַ אופֿן.

אין דער צייט פֿון דעם דאָזיגען געשפּרעך האָט די „ביהן" דערמאָנט דעם קאַרדינאַל וועגען זיין פּאָלעמיק מיט איהם און האָט דערצעהלט, אַז ער האָט געשריבען פֿאַר צווייען: דאָ פֿלעגט ער אָנפֿאַלען אויפֿ'ן קאַרדינאַל, דאָ פֿלעגט ער איהם פֿערטהיידיגען, אונטערשרייבענדיג זיך: „דער זוהן פֿון דער קירכע".

— דאָס איז געוועזען ניט גוט, — האָט געזאָגט די „ביהן", אַ קוק געבענדיג אויפֿ'ן קאַרדינאַל מיט זיינע גרויסע אונשולדיגע בלאָהע אויגען. — איהר האָט עס אָבער אַלץ אַראָבגעשלונגען אַזוי לייכט, ווי אַ צוקער־לעקעך, און דאָס איז געוועזען אַזוי קאָמיש.

מאָנטאַנעלי האָט פֿערביסען די ליפּען און האָט זיך געסטאַרעט צו בלייבען רוהיג. ער האָט גלייך פֿערשטאַנען, אַז די „ביהן" וויל איהם אַרויסברענגען פֿון די כלים, און ער האָט בעשלאָסען ניט צו פֿערליערען זיך. ער האָט אָבער אָנגעהויבען צו פֿערשטעהן, פֿאַר וואָס דער גובערנאַטאָר איז אַזוי אויפֿגעבראַכט געגען דער „ביהן".

— עס וועט זיין גענוג וועגען דעם, — האָט ער רוהיג געזאָגט. — איך האָב אייך געוואָלט זעהען הויפּטזעכליך צוליעב דעם, כדי צו קענען אייך עפּעס העלפֿען, צו בעקלאָגט איהר זיך ניט אויף עפּעס? וועגען די קייטען וועל איך אָבגעבען אַ בעפֿעהל, פֿיליייכט האָט איהר מיר עפּעס נאָך וואָס צו זאָגען? אויסערדעם האָב איך געהאַלטען פֿאַר נויטיג, איידער איך וועל אַרויסזאָגען מיין מיינונג וועגען אייך, צו דערוויסען זיך, וואָס פֿאַר אַ מענש איהר זייט.

— איך בעקלאָג מיך אויף קיין זאַך ניט, אייער הייליגקייט! אויף אַ מלחמה איז מען ווי אויף אַ מלחמה. איך בין ניט קיין

קליין קינד און איך רעכען ניט, אז די רעגירונג וועט מיר א גלעט טהאן איבער'ן קעפעלע פאר אריבערפיהרען געהיים פייער-געוועהר. אויב איהר האט אבער געוואלט וויסען וואס פאר א מענש איך בין, האט איהר דאך שוין איינמאל אויסגעהערט, ווי איך האב מיך מתודה געוועזן פאר אייך אין מיינע זינד. איז דאס ניט גענוג? אדער איהר ווילט אפשר איך זאל אנהויבען פון דאס ניי?

— איך פערשטעה אייך ניט — האט מאנטאנעלי געזאגט.

— ניט שוין-זשע האט איהר פערגעסען דעם אלטען דיעגא, דעם פאלאמניק? ער האט פלוצלונג איבערגעביטען די שטים און האט אנגעהויבען צו רעדען, ווי דיעגא: איך בין אן'ארעמער בעל-הטא...

דער בלייששטיפט איז ארויסגעפאלען ביי מאנטאנעלי'ן פון האנד. מיט א לייכטער איראניע האט די „ביהן" אבגעווארפען אויף הינטער דעם קאפ און האט געקוקט אויף מאנטאנעלי'ס אויפ-רעגונג.

— סיניאר ריווארעס, — האט מאנטאנעלי צום סוף גע-זאגט. — איהר האט זיך בעגאנגען מיט מיר, ווי קיין מענש, וואס א מוטער האט נאר געבארען, וואלט זיך ניט גע'פועל'ט צו בע-געהן זיך מיט זיין ערגסטען שונא. איהר האט זיך אריינגעריסען אין מיין פערזענליכען אומגליק און האט געמאכט פאר א שפילכעלע אייער נאהענטען'ס טרויער. האב איך אייך געטהאן עפעס שלעכטס? אויב ניט — טא פאר וואס האט איהר אזוי אונ'ברחמנות'דיג חוזק געמאכט פון מיר?

די „ביהן" אנגעלעהנט אן שטוהל, האט געקוקט אויף איהם מיט זיין דינעם, קאלטען, נישט-פערשטענדליכען שמייכעל.

— דאס האט מיר פערשאפט פ... פערגניגען, אייער היי-ליגקייט. — איהר האט עס אזוי שטארק גענומען צום הארצען, און ס'האט מיך דערמאנט א ביסל אן א פ... פארשטעלונג אין צירק.

מאנטאנעלי האט זיך אבגעקעהרט א בלייכער און האט א קלונג געטהאן.

— פיהרט אוועק דעם ארעסטאנט — האט ער געזאגט צום אריינגעקומענעם סאלדאט.

אז זיי זענען אוועק, האט ער זיך געזעצט ביים טיש און האט געציטערט מיט'ן גאנצען קערפער פון דער שטארקער אויפרע-גונג. ער איז געזעסען און האט ניט געקענט אויפהויבען די אויגען אויס מורא, כדי ניט צו דערזעהען דעם שאטען, וואס די „ביהן", ווי איהם האט זיך געדוכט, האט הינטער זיך איבערגעלאזט.

מאָנטאַנעלי האָט געפּיהלט אַ ניט־פּערשטענדליכע מורא פאַר עפּעס אַ מאָדנעם שטן, — פאַר אַ פּערוואונדעטע האַנד, פאַר שמייכלענדע גרויזאַמע ליפּען, פאַר סודות'דיגע אויגען, וואָס זעגען טיעף ווי דער ים.

ער האָט זיך אָנגעטהאָן אַ כּוח צו פערטרייבען דעם קאָשמאַר און האָט זיך געזעצט צו דער ארבייט. אָבער שפּעט ביינאַכט האָט ער זיך מיט אַמאָל אָבגעשטעלט ביים שוועל פון זיין שלאָפציממער אַ דערשראָקענער: טאָמער קומט ער איהם ווידער צו חלום! ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע תּפילה טהאָן פאַר'ן צלם.

די גאַנצע נאַכט האָט ער ניט געקענט איינשלאָפען.

---

מאָנטאַנעלי'ס כּעס האָט איהם דאָך ניט געשטערט צו געדענקען זיין צוזאָג. דער גובערנאַטאָר האָט זיך אינגאַנצען פּער־לאָרען פון דעם קאַרדינאַל'ס פּראָוואָקאַציע און האָט געהייסען אַראָבנעהמען די קייטען פון „ביהן".

פון קאַרדינאַל האָט זיך די „ביהן" אומגעקעהרט אין פעסטונג אין זעהר אַ נערוועזען צושטאַנד. ער האָט זיך געהאַלטען אַזוי גראָב מיט מאָנטאַנעלי, ווייל עס האָט איהם אַרומגענומען אַ שרעק־ליכע פערצווייפלונג און ער האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער שיידען מיט איהם, וואָרום נאָך אין אַ פּאָר מינוט אַרום וואָלט ער זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון געוויין.

בעת'ן פערהער, אויף וועלכען מען האָט איהם אַרויסגערופען נאָך אין דעמזעלבען אָבענד, האָט ער אויף אַלע פראַגען געענט־פערט נור מיט אַ היסטעריש'ען געלעכטער. און ווען דער גובערנאַ־טאָר איז אַרויס פון זיך און געגומען זידלען זיך, האָט די „ביהן" אָנגעהויבען נאָך מעהר צו לאַכען. דער אומגליקליכער גובערנאַטאָר האָט זיך געקאָכט, געסטראַשעט, אָבער סוף כּל סוף איז ער גע־קומען צום בעשלוס, אַז ס'לוינט זיך ניט צו מאַטערן אַזויפיעל איבער אַ מענשען, וועלכען מען קען אָננעהמען פאַר אַ משוגע'נעם.

מען האָט די „ביהן" ווידער אַוועקגעפיהרט אין זיין צימער און דאָרטען האָט ער זיך געלעגט אויפ'ן בעט אין אַ מרה־שחורה'־דיגען, הילפלאָזען צושטאַנד. איהם האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער קומען צו אַ סוף: אָדער ענטלויפען, אָדער מען זאָל איהם טויטען, וועט ער אינגאַנצען אויפהערען צו פיהלען; נאָר זעהען דעם פאַדרע

האט ער אלענפאלס מעהר ניט געקענט. — דאס איז געווען איבער זיינע כוחות.

אין דער צייט האט איהם איינער פון די וועכטער אריינגעטראגען עסען. די „ביהן“ האט גלייכגילטיג א קוק געטהאן אויף די קאלטע טרוקענע שפייז. ער האט זיך געפיהלט פיזיש קראנק און מאראליש צובראכען.

— איהר וועט נאך קראנק ווערען, אויב איהר וועט ניט עסען! נעהמט כאטש א שטיקעל ברויט אין מויל.

ער איז עפעס מאדנע צוגעשטאנען צום „ביהן“, אויפהויבענדיג פון טעלער א שטיקעל ברויט און ווידער אוועקלעגענדיג עס. דער קאנספיראטאר האט זיך ערוועקט אינים „ביהן“. ער האט גלייך פערשטאנען, אז אין דעם ברויט איז עפעס בעהאלטען.

— לאזט איבער דאס עסען! שפעטער וועל איך עס אויפעסען — האט ער געזאגט גלייכגילטיג.

די טיר איז געווען אפען און ער האט געוואוסט, אז דער סערזשאנט, וואס שטעהט אויף די טרעפ, הערט יעדעס ווארט.

אז די טהיר אבער האט זיך צוגעמאכט און די „ביהן“ איז געבליבען אליין, האט ער גענומען דאס ברויט און האט עס אנגעהויבען פארזיכטיג צו ברעקלען, נאכקוקענדיג צו עמיצער שפיאנירט איהם ניט נאך. אין מיטען איז געלעגען דאס, אויף וואס ער האט געווארט: א פעקעלע דינע זעגעלעך. זיי זענען געווען איינגעוויקעלט אין א שטיקעל פאפיר, אויף וועלכען עס זענען געווען אנגעשריבען עטליכע ווערטער. —

ער האט פארזיכטיג פאנאנדערגעלעגט דאס פאפיר, האט עס צוגעטראגען צום ליכט, איבערצולייענען, וואס דארטען איז געווען אנגעשריבען.

„די טיר איז ניט צוגעמאכט און די נאכט איז א פינסטערע. זעהט וואס שנעלער איבערצוזעגען די גראטעס. און געהט ארויס פון צוויי ביז דריי אזייגער. ביי אונז איז אלץ צוגעגרייט, נאך אזא געלעגענהייט וועט ניט זיין.“

אלזא, אלע הכנות זענען געמאכט, מען דארף נור איבערזעגען די 8 אייזענס. אז ער וועט זיך איילען, וועט ער פארטיג ווערען. ווי אזוי האבען עס דזשעממא מיט מארטינין אזוי גיך אלץ צוגעגרייט: אנ׳אנצוג, א פאס, אנ׳ארט, וואו מ׳זאל זיך קענען בעהאלטען. זיי האבען געמוזט הארעווען ווי פערד. דעם פלאן פון לויפען האט אויסגעארבייט דזשעממא.

דער איבערגעגעבענער וועכטער סווערטשאק, האט אהן דעם

וויסען פון זיינע חברים געדאַרפט עפענען דעם אייזערנעם טויער, וועלכער האָט געפיהרט פון הויף צו אַנ׳אונטעראירדישען גאַנג אונ־טער די פעסטונגסוועגד. דערנאָך האָט ער דעם שליסעל געדאַרפט אויפהענגען צוריק אין דעם וואַך־צימער.

די „ביהן“ האָט אָבער געדאַרפט איבערזעגען די אייזענס, פון זיין אייגענער העמד אויספלעכטען אַ שטריק, אויף וועלכער ער האָט זיך געדאַרפט אַראָבלאָזען איבער דער ברייטער מזרח־וואַנד. אַרום די וואַנד האָט ער געדאַרפט קריכען אויף די הענד און אויף די קניע, אויב דער וועכטער וועט קוקען אין אַנ׳אַנדער זייט, און ליגען אָהן שום בעוועגונג, ווען דער וועכטער וועט זיך אומקעהרען אין זיין זייט. נאָכדעם, אַז ער וועט זיך שוין האָבען אַראָבגעלאָזען צו דעם אייזערנעם טויער, וועט די „ביהן“ איהם דאַרפען שטילערהייט עפענען און דערגרייכען דעם אונטעראירדישען גאַנג, וועלכער איז געוועזען פערוואָרפען מיט שטיינער. די קאָנטראַבאַנדיסטען אַליין האָ־בען דאָרטען געוואוסט אַ דורכגאַנג אין די בערג, פון וועלכען זיי האָבען אָבער קיינעם ניט אויסגעזאָגט. קיינער האָט להלוטין ניט חושד געוועזען, אַז גאַנצע פאַרטיעס קאָנטראַבאַנדע־סחורות פלעגען וואָכענלאַנג ליגען אונטער די וואַנד פון פעסטונג, בשעת די צאָלל־בעאַמטע פלעגען אומזיסט מאַכען אונטערזוכונגען אין די הייזער פון די אונפרייגדליכע בערג־איינוואוינער.

מיט דעמזעלבען דורכגאַנג האָט ער געדאַרפט אַרויסגעהן אין די בערג, וואו איהם האָבען שוין געזאָלט ערוואַרטען די קאָנטראַ־באַנדיסטען מיט מאַרטינין. מען האָט געמוזט אונבעדינגט אויס־נוצען די פינסטערע נאַכט און דעם געעפענטען טויער.

די „ביהן“ האָט זיך געזעצט און האָט זיך גענומען צום ברויט נאָר אונטערצוהאַלטען די כוחות.

ווי ס׳איז הייס! עס וועט געוויס זיין אַ שטורם. די „ביהן“ האָט איינגעדרעמעלט. נאָר אָט האָט אויסגעשלאָגען צעהן אַזייגער. די „ביהן“ האָט אַ שפרונג געטהאָן און האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט. . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ניין, ער איז אינגאַנצען געזונד! דאָך, פיהלט ער אַ שרעק־ליכען וועהטאָג אין האַנד און אין גאַנצען קערפער. איהם האָט זיך פערוואָלט צוזעצען זיך אַביסעל, נאָר פון זיצען איז נאָך געוואָרען ערגער. ער איז אינגאַנצען אונטערגעפאַלען אונטער דער מאַכט פון זיינע נערווען און עס איז איהם געוואָרען קאַלט פון שרעק.

— נײן. מען מוז זיך אױפשטעלען און נעהמען צו דער אר־בײט.

די „ביהן“ האט בעשלאסען ניט נאכצוגעבען זײנע גפֿיהלען און אבצושטױסען זײ פון זיך.

ער האט זיך װידער אױפגעשטעלט און האט זיך אלײן גע־זאגט קלאר, הױך און דײטליך:

— איך בין ניט קראנק. איך האב קײן צײט ניט צו קרענ־קען. איך מוז איבערװעגען די גראטעס, איך װיל ניט זײן קראנק!

ער האט גענומען װעגען.

עס איז א פיערטעל עלף... האלב עלף... דרײפיערטעל עלף. ער האט געװעגט און געװעגט און דער סקריפ פון די אײזען האט אויף איהם געװירקט אזױ, פונקט װי מען װאלט געװעגט זײן אײגענעם קערפער און מארך.

— איך װאלט װעלען װיסען, — האט ער געזאגט מיט א אי־ראניע, — װער װעט פריהער איבערגעװעגט װערען: איך צי די אײזענס.

ער האט צוזאמענגעפרעסט די צעהן און האט װײטער געװעגט. האלב צװעלף. ער האט נאך אלץ געװעגט, הגם די האנד איז איהם װי אבגענומען געװארען, איז אנגעשװאלען און קױם װאס זי האט געהאלטען די װעג.

ער קען זיך אבער ניט בעשליסען אױפצוהערען.

דער װעכטער האט זיך אנגעהױבען צו בעװעגען אין קארי־דאר, און זײן שװערד האט זיך אבגעקלאפט אן טיר. די „ביהן“ האט זיך אומגעקוקט. ניט שױן־זשע איז אלץ ענטדעקט?

א קלײן, קײלעכדיג פעקעל איז אריינגעפלױגען דורכ'ן שפאלט פון טיר און איז געבליבען ליגען אױף דער ערד. ער האט אװעק־געלעגט די װעג און האט זיך אײנגעבױגען.......

װי שװער עס איז געװען אראבצולאזען זיך אלץ נידריגער און נידריגער בעת ארום איהם האבען געברױזט די שװארצע װע־לען. װי זײ האבען דאס געברױזט!

אך, יא, ער האט זיך גאר אײנגעבױגען כדי אױפצוהױבען דאס פאפירעל. איהם האט אנגעהױבען צו שװינדלען אין קאפ. דאס טרעפט זיך אפטער מיט מיר, װען איך בױג מיך אײן. דאס איז אלץ גארנישט.

ער האט אױפגעהױבען דאס פאפירעל, צוגעטראגען צום ליכט און פאנאנדערגעװיקעלט.

— „מען מוז לױפען דורכאױס הײנט בײנאכט. מארגען װערט

סוועטשאָק אַריבערגעפֿיהרט אויף אַנ׳אַנדער שטעלע. הײַנט איז די לעצטע גינסטיגע געלעגענהײַט.״

ווי דאָס ערשטע, האָט ער איצט אויך צעריסען דאָס צווייטע פּאַפּירעל און האָט זיך באַלד ווידער אַ כאַפּ געטהאָן פֿאַר דער זעג און שוויַיגענדיג, מיט עקשנות און מיט יאוש אין האַרצען האָט ער גענומען זעגען.

איינס בײַנאַכט. ער האָט געאַרבײַט 3 שעה און האָט איבער־געזעגט זעקס אײַזענס־שטעקלעך פֿון די 8. נאָך 2 צום איבערזעגען, דערנאָך וועט ער שוין קענען דורכקריכען.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן די פֿריהערדיגע צופֿאַלען, בעת עס פֿלעגט נעהמען אָנטרעטען זײַן קראַנקהײַט. קײנמאָל איז זי ניט אָנגעקומען אַזוי אומגערוואַרטעט.

ער האָט אַראָבגעלאָזען די זעג און האָט אויסגעצויגען ביידע הענד אין דערלופֿטען, בעטענדיג פֿון פֿערצווייפֿלונג דאָס ערשטע מאָל, זינט ער האָט פֿערלאָרען דעם גלויבען. ער האָט געבעטען און האָט ניט געוואוסט צו וועמען ער ווענדט זיך מיט זײַן געבעט.

— ניט הײַנט בײַנאַכט. אָ, זאָל איך קראַנק ווערען מאָרגען, מאָרגען וועל איך אַלץ אַריבערטראָגען, נאָר ניט הײַנט.

ער איז געבליבען שטעהן אויף אַ מינוט און האָט אויפֿגע־הויבען ביידע הענד צו די שלייפֿען. דערנאָך האָט ער זיך ווידער גענומען פֿאַר׳ן זעג און האָט נאָך אַמאָל גענומען אַרבײַטען.

ס׳איז שוין האַלב צוויי... ער האַלט שוין בײַם לעצטען אײַזען־שטעקען. זײַן אַרבעל פֿון העמד איז שוין צעביסען אויף פּיצ־לעך, אויף די ליפּען איז געוועזען בלוט, די אויגען האָט פֿערשטעלט אַ רויטער טומאַן, פֿון שטערן האָבען זיך געגאָסען טײַכען שווייס, און ער האָט געזעגט, געזעגט, געזעגט.

---

נאָכ׳ן זונאויפֿגאַנג איז מאָנטאַנעלי עַנטשלאָפֿען געוואָרען. ער איז געוועזען שרעקליך פֿערמאַטערט פֿון דער שווערער, שלאָפֿ־לאָזער נאַכט; געשלאָפֿען האָט ער נור אַ קורצע צײַט, נאָכדעם האָבען איהם אָנגעהויבען צו בעאונרוהיגען שווערע חלומות. ער האָט געזעהען אין חלום אַרטורס מוטער, אַרטור׳ן אַליין.

איהם האָט זיך געחלומ׳ט, אַז ער געפֿינט זיך אין אַ גרויסען, פּרעכטיגען פּאַלאַץ; אומעטום זענען געשטאַנען בעטען, ווייכע די־וואַנען און בעטגעוואַנד. עס ווערט נאַכט, און ער זאָגט צו זיך, אַז דאָ וועט ער אײַנשלאָפֿען. ווען ער האָט זיך אָבער אויסגעקליבען

אַ פּינסטערן צימער אויף שלאָפֿען, געהט צו איהם צו עמיצער מיט אַ לאָמפּ און זאָגט: „שטעה אויף, מיר דאַרפֿען דיך האָבען!" ער שטעהט אויף און געהט וואַקלענדיג זיך, ווי אַ שווער פֿערוואונדעטער; ער קומט אַריין אין אַנ'אַנדער צימער און וויל זיך אַוועקלעגען אין בעט, נאָר עמיצער הויבט זיך אויף פֿון בעט און שרייט: „דאָס בעט געהערט מיר". ער בלאָנקעט ווידער אַרום פֿון איין צימער אין צווייטען. באַלד ווערט טאָג. אַ מורא'דיג, גראָהעס טאָגליכט רוקט זיך אָן אַליך נעהענטער און נעהענטער.

אָט געפֿינט ער זיך אין אַ לאַנגען קאָרידאָר אונטער דער ערד. נאָר וואו געפֿינט מען אַנ'אָרט צו בעהאַלטען זיך און איינצושלאָפֿען. אַ קליין ערטעלע, כאָטש אַ קבֿר.

און אַרויסזאָגענדיג די ווערטער שטויסט ער זיך אָן אויף אַ קבֿר, פֿון וואַנען עס שמעקט מיט טויט און פֿוילקייט. אַליך איינס, אַבי איינשלאָפֿען.

— „קבֿר מיינער!" דאָס איז ג י נ ד י ס, אַ ר ט ו ר'ס מוטער.

„גינדיס, גינדיס! האָב רחמנות אויף מיך! דאָס ליכט פֿערבלענדט מיין נשמה, דער גערויש ענגבערט מיר דעם מוח און צוקלאַפּט איהם אויף שטויב. „ג י נ ד י ס, לאָז מיך איינשלאָפֿען". אָבער ג י נ ד י ס שטופּט איהם אָב מיט כעס. ער געהט ווייטער און קומט ביים ברעג ים. דאָס וואַסער זיפּצט מיט זיין שטילען אויבינגען און אונרוהיגען זיפּצען. — אָ! — האָט ער געזאָגט, האָב דו, ים, רחמנות איבער מיר. — פֿון ים אָבער הויבט זיך אויף אַ ר ט ו ר און שרייט אין דער הויך: — דער ים איז מיינער!

— אייער היילינקייט, אייער היילינקייט! — האָט זיך דערלאַנגט אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר. ס'איז שוין געווען ניין אַזייגער אין דער פֿריה, און די דינער זענען געקומען מעלדען, אַז דער גובערנאַטאָר איז געקומען און בעט איהם צו זיך. מ אָ נ ט אַ נ ע ל י איז געשווינד אַוועק צו איהם.

דער גובערנאַטאָר איז געווען אין מורא'דיגער אויפֿרעגונג. ער האָט דערצעהלט מ אָ נ ט אַ נ ע ל י'ן, אַז די „ביהן" איז שיער ניט ענטלאָפֿען. ער האָט פֿאַנאַנדערגעזעגט די גראַטעס און האָט שוין געהאַלטען ביים לויפֿען. נאָר ווי עס ווייזט אויס, איז ער געפֿאַלען אין חלשות פֿון שוואַכקייט. אין דער פֿריה האָבען איהם די סאָלדאַטען געפֿונען אויפֿ'ן הויף אין אַ בעוואוסטלאָזען צושטאַנד.

V.

אַ גאַנצע וואָך נאָכאַנאַנד האָט זיך די „ביהן" געפֿונען אין

אַ שרעקליכען צושטאַנד. דער גובערנאַטאָר איז געווען זעהר בייז און האָט געהייסען פערשמיערען איהם די העַנד און די פיס, ניט קוקענדיג אויף זיין קראַנקהייט. נאָכמעהר: מען האָט איהם נאָך צוגעבונדען מיט רימענס צום בעט. די „ביהן" האָט דאָס אַלץ גע־ליטען מיט אַנ'עקשנות'דיגער פערביסענהייט. נאָכדעם אָבער האָט זיין שטאָלץ נאָכגעגעבען און ער האָט אָנגעהויבען צו בעטען ביים דאָקטאָר פון טורמע מען זאָל איהם געבען אָפּיום צו מאַכען גרינגער די וועהטאָגען.

דערין האָט אָבער דער גובערנאַטאָר אויך ניט געוואָלט נאָכ־געבען. — פון וואַנען ווייסט איהר, צו וואָס ער דאַרף האָבען אָפּיום? האָט ער גע'טענה'ט צום דאָקטאָר. — מעגליך, אַז ער מאַכט זיך נור קראַנק, און אין דער אמת'ן דאַרף ער האָבען אָפּיום כדי אָנצו־טרינקען איינעם פון די וועכטער.

— אַז איך וועל איהם געבען אָפּיום, איז אַ ספק צי ס'וועט קענען פערסמ'ען דעם וועכטער, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר שיער ניט פלאַצענדיג פון געלעכטער. — מורא האָבען, אַז ער מאַכט דאָס נאָר אַזאַ אָנשטעל איז ניטאָ וואָס, וואָרום ער האַלט שוין ביים שטאַרבען.

— אויב אַ מענש וויל מען זאָל זיך מיט איהם גוט בעגעהן, דאַרף ער דאָס פערדינען. ר י וו אַ ר ע ס פערדינט אָבער שטראָף. דאָס וועט איהם זיין אַ לעהרע, ווייטער ניט אויסצוברעכען קיין גראַטעס.

— דאָס געזעץ ערלויבט אָבער ניט אָנצוטהאָן ענוים, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט, און דאָס איז דאָך דיזעלבע זאַך.

— אין געזעץ, דוכט מיר, איז גאַרנישט געזאָגט וועגען אָפּיום, — האָט דער גובערנאַטאָר ברוגז געענטפערט.

— געוויס, איהר קענט טהאָן, ווי איהר פערשטעהט, פאָל־קאָווניק. דאָך האָף איך, אַז איהר וועט בעפעהלען אַראָבצונעהמען די רימענס. זיי זענען גאָר אַנ'איבריגע זאַך און פערגרעסערן נור די ליידען. עס איז איצט ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, אַז ער וועט לויפען: ער קען זיך ניט האַלטען אויף די פיס.

— איך מיין, מיין העַרר, אַז אַ דאָקטאָר קען אויך אַמאָל אַ טעות האָבען. כל זמן ער איז פערבונדען, בין איך זיכער פאַר איהם.

— אַלענפאַלס וואָלט איהר הייסען, מען זאָל די רימענס אַ ביסעל אָבלאָזען. ס'איז דאָך אַנ'אמת'ע אַכזריות אַזוי שטייף צו פערציהען זיי.

— זיי וועלען זיין פערצויגען, פונקט ווי איצט, און איך וואלט אייך געווען זעהר דאנקבאר, מיין הערר, ווען איהר וואלט אויפ־געהערט צו רעדען וועגען אכזריות.

די זיעבעטע נאכט איז אויף אזא אופן פערביי אהן א שום ערלייכטערונג, און דער סאלדאט, וואס איז געשטאנען אויף דער וואך ביי דער טיר פון קאמער, האט זיך געצלמ׳ט פון שרעק, הערענדיג א גאנצע נאכט די הארצרייסענדע קולות פון „ביהן". די נעדולד האט איננאנצען פערלאזען די „ביהן". זעקס אין דער פריה, בשעת די וואך האט זיך געדארפט ביטען, האט דער סאלדאט שטילערהייט געעפענט די טיר און איז אריין אין קאמער. ער האט געוואוסט, אז ער איז עובר די דיסציפלין, אבער ער האט ניט גע־קענט אוועקגעהן, ניט אויסדריקענדיג זיין מיטגעפיהל, ניט זאגענדיג א פריינדליך ווארט.

די „ביהן" איז געלעגען רוהיג מיט צוגעמאכטע אויגען און מיט א האלבאפענעם מויל. א מינוט איז ער געשטאנען שטיל, דער־נאך האט ער זיך איינגעבויגען און געפרעגט:

— קען איך אייך אפשר העלפען מיט וואס עס איז? איך האב נור איין מינוט צייט.

די „ביהן" האט געעפענט די אויגען.

— לאזט מיך צו רוה, — האט ער א קרעכץ געטהאן — לאזט מיך.

ער איז איינגעשלאפען פריהער איידער דער סאלדאט האט זיך אומגעקעהרט צוריק אויף זיין ארט.

אין צעהן טעג ארום איז דער גובערנאטאר ווידער אוועק צו מאנטאנעלי׳ן. ער איז געשטאנען אויף דאס זיינינגע, אז מען מוז זעהען וואס גיכער מאכען א סוף מיט ריווארעס׳ן. עס איז שוין געווען נאהענט צו די תגאות, ווען די גאנצע בעפעלקערונג קלייבט זיך צוזאמען אין שטאדט. צום גובערנאטאר זענען דערגאנ־גען ידיעות, אז אין דעם טאג וועט מען זיך פרובען אריינרייסען אין פעסטונג און בעפרייען ריווארעס׳ן. עס האבען זיך געטראָ־גען משונה׳דיגע קלאנגען. אויף ריכטיג האט קיינער גארניש גע־וואוסט.

אלס אנטפער דערויף האט איהם מאנטאנעלי געפרעגט, וואס דער ארעסטירטער מאכט אין געזונד.

— איהם איז, דוכט זיך, פיעל בעסער, אייער הייליגקייט. אודאי האט ער געמוזט זיין זעהר קראנק, אויב ער האט זיך דאס ניט געמאכט.

— רעכענט איהר דען, אַז מען האָט זיך געקענט אַזוי מאַכען קראַנק?

דער דאָקטאָר איז איבערצייגט, אַז זיין קראַנקהייט איז אַנ'עכטע, אָבער זי איז עפּעס אַ מאָדנע. אַלענפאַלס איצט בעסערט ער זיך שוין און ס'איז מיט איהם נאָך שווערער אויסצוקומען.

— וואָס פאָרט טהוט ער?

— טהאָן קען ער צום גליק קיין זאַך ניט, האָט דער גובערנאַטאָר געענטפערט, דערמאָנענדיג זיך מיט אַ שמייכעל אָן די ריִמענס.

— זיין אויפפיהרונג איז אָבער ניט צו בעשרייבען. נעכטען אין דער פריה בין איך אַריין צו איהם אין קאַמער, פאָרצולעגען איהם איינינע פראַגען.

— דאָס הייסט, איהר זייט געגאַנגען אויספאָרשען איהם אין קאַמער?

— יאָ, אייער הייליגקייט. איך האָב געהאָפט, אַז איצט וועט זיין לייכטער אָבצופטר'ן מיט איהם.

מ אָ נ ט אַ נ ע ל י האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם מיט גרויס פעראַכטונג, אַזוי ווי נעבען איהם וואָלט זיך עפּעס געפונען אַ שרעקליכע עקעלהאַפטע חיה.

— קיין בעזונדער שטראָף האָב איך אויף איהם ניט אַרויפגעלעגט, אָבער איך האָב געמוזט אַרויסווייזען צו איהם אַ געוויסע שטרענגקייט. איך האָב איהם פאָרגעלעגט אָבצושוואַכען די דיסציפּלין, פערגרינגערן איהם אַביסעל, אויב נאָר ער וועט זיך לייטישער אויפפיהרען. און וואָס רעכענט איהר האָט ער מיר דערויף געענטפערט? ער האָט אויף מיר אַ קוק געטהאָן אַזוי ווי אַ וואָלף אין שטייג, און דערנאָך האָט ער שטיל געזאָגט:

— „פּאָלקאָווניק, איך קען זיך ניט אויפהויבען און דערשטיקען אייך, אָבער צעהנער האָב איך נאָך שאַרפע. דעריבער האַלט אַביסעל ווייטער אייער האַלז!“ אַ נאַטור האָט ער, ווי ביי אַ ווילדער קאַץ.

— מיך וואונדערט דאָס ניט, — האָט מ אָ נ ט אַ נ ע ל י רוהיג געזאָגט. — מיינט איהר דאָס אָבער טאַקי גאַנץ ערנסט, אַז זיין פערבלייבען דאָ שטערט די רוהיגקייט?

יאָ, אויב ער וועט דאָ ניט זיין, קענען אויסברעכען קליינע אונרוהען, דהיינו ווי וואַרפען שטיינער. לאָזט מען איהם אָבער איבער אין פעסטונג, דאַמאָלסט ערוואַרט איך ערנסטע אונרוהען. איך בין זיכער, אַז אין דעם טאָג פון יום־טוב וועט מען געוויס נאָך

אַמאָל פּרוּבּירען בּעפרייען איהם און עס קען זיך ענדיגען מיט בּלוּט-פערגיסען און מיט אַ שׂריפה. דאָס קריעגס-געריכט איז דאָס איינ-ציגע מיטעל, וואָס וואָלט איינגעהאַלטען די מרידה.

מאָנטאַנעלי האָט נאָך לאַנג ניט געוואָלט גלויבּען און האָט לסוף געפאָדערט, אַז דער פּאָלקאָווניק זאָל איהם שווערען, אַז ער זאָגט אמת.

דער פּאָלקאָווניק האָט זיך פערלאָרען.

— איהר בּעט מיך, האָט מאָנטאַנעלי געזאָגט,— איך זאָל געבּען מיין הסכּמה צו טויטען אַ מענשען. טאָ שווערט זיך, אַז איהר האָט מיר געזאָגט דעם אמת און אַז איהר זעהט קיין אַנדער וועג ניט צו פערמיידען די אוּנרוּהען. שווערט זיך מיט דעם צלם, וועלכער איז פאַר אוּנז געשטאָרבּען.

מאָנטאַנעלי האָט דערבּיי אויפגעהויבּען דעם צלם, וואָס איז געהאַנגען בּיי איהם אויפ'ן האַרצען.

דער פּאָלקאָווניק האָט אַ ווייַלע געשוויגען, דערנאָך האָט ער זיך איינגעבּויגען, האָט צוגעטראָגען דעם צלם צו די ליפּען און האָט געזאָגט:

— איך גלויבּ אין דעם.

מאָנטאַנעלי האָט אָבּגעלעגט אויף מאָרגען צו געבּען אַ בּעשטימטען ענטפער און האָט געזאָגט, אַז פריהער וויל ער זיך זעהען מיט ריוואַרעס.

דער גוּבּערנאַטאָר איז צוּטוּמעלט געוואָרען און האָט געזאָגט:

— ערלויבּט מיר אייך צו ראַטהען, אַז איהר זאָלט עס ניט טהאָן. איהר וועט קיין הרטה ניט האָבּען. ער האָט נעכטען געשיקט בּעטען בּיי מיר אַנ'ערלויבּניש צו זעהען זיך מיט אייך, איך האָבּ איהם אָבּער אויף זיין בּקשה ניט געענטפערט.

— ניט געענטפערט? — האָט מאָנטאַנעלי געזאָגט אוּנצוּ-פריעדען.

— איך האָבּ אייך ניט געוואָלט בּעאוּנרוּהיגען צוליעבּ אַזאַ העזה'דיגער בּקשה. ער האָט געוויס געוואָלט אייך בּעליידיגען. אי-בּערהויפּט ערלויבּט מיר נאָך אַמאָל צו בּעמערקען אייך, עס וואָלט זעהר אוּנפאָרזיכטיג געווען פון אייער זייט צוצוגעהן נאָהענט צו איהם. ער איז ווירקליך אַזוי געפעהרליך, אַז איך האָבּ געפונען פאַר נויטיג אָנצוּנעהמען איינע פּאָרזיכטס-מיטלען, עס פערשטעהט זיך ניט קיין שטרענגע.

— און איהר מיינט אין דער אמת'ן, אַז עס איז געפעהרליך

צוציגעהן צו אַ קראַנקען, אונבעוואַפּענטען מענשען, געגען וועלכען מען האָט נאָך אויסערדעם אָנגענומען געוויסע מיטלען אויך?

מאָנטאַנעלי האָט גערעדט גאַנץ רוהיג, דער פּאָלקאָווניק האָט אָבער געפֿיהלט די קאַלטע פֿעראַכטונג פֿון טאָן און ער איז רויט געוואָרען פֿאַר כּעס.

— אַייער הייליגקייט, איהר קענט טהאָן, ווי איהר פֿערשטעהט. ווען ווילט איהר זיך זעהען מיט דעם אַרעסטירטען?

— איך געה גלייך.

— ווי אַייער הייליגקייט פֿערלאַנגט. אויב איהר ווילט אַ פּאָר מינוטען צו־וואַרטען, וועל איך שיקען פֿריהער אָנזאָגען דעם איינגעשלאָסענעם.

דער גובערנאַטאָר האָט אומגעביטען זיין טאָן. ער האָט מורא געהאַט, מאָנטאַנעלי זאָל ניט זעהען די ריטעננס.

— כּ'דאַנק אַייך, איך וויל איהם ניט אָנגעזאָגטערהייד. איך געה גלייך אין פֿעסטונג. אַדיע, פּאָלקאָווניק! מאָרגען וועל איך אַייך געבען אַנ'ענטפֿער.

VI.

דערהערענדיג, אַז מען עפֿענט די טיר פֿון זיין קאַמער, האָט די „בּיהן" צוגעמאַכט די אויגען מיט אַ מידער גלייכגילטיגקייט. ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז ווידער געקומען דער גובערנאַטאָר מאַטערן איהם מיט זיינע שאלות.

איניגע סאָלדאַטען האָבען זיך אויפגעהויבען אויף דער שמאָלער טרעפּ. זייערע ביקסען האָבען זיך אָנגעקלאַפּט אָן די ווענד. דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ הניפּה'דיגער קול:

— ס'איז אַביסעל שווער אַרויפצוגעהן אַהער, אַייער הייליגקייט. די „בּיהן" האָט אַ שפּרונג געטהאָן אַ פֿערציטערטער, אָבער ער האָט זיך גלייך צוריק אַראָבגעלאָזען; די שטייף פֿערצויגענע רימענס האָבען איהם ניט געלאָזען פֿריי אויפאָטעמען.

מאָנטאַנעלי איז אַריין מיט אַ סערזשאַנט און מיט דריי סאָלדאַטען. די „בּיהן" איז געלעגען מיט צוגעמאַכטע אויגען, נאָר ער האָט געפֿיהלט, אַז מאָנטאַנעלי קוקט אויף איהם.

— מיר דוכט זיך, ער שלאָפֿט, אַייער הייליגקייט, — האָט דער סערזשאַנט געזאָגט, נאָר די „בּיהן" האָט געעפֿענט די אויגען.

— ניין, — האָט ער געזאָגט.

מאָנטאַנעלי האָט געבעטען דעם סערזשאַנט און די סאָל-דאַטען איבערצולאָזען איהם אַליין אין קאַמער.

בעת די סאָלדאַטען האָבען געהאַלטען ביים אַרויסגעהן, האָבען זיי פּלוצלונג דערהערט מאָנטאַנעלי'ס אַנ'אויסגעשריי. ווען זיי האָבען זיך אומגעקעהרט, האָבען זיי דערזעהען, אַז ער שטעהט איינגעבויגען און קוקט זיך צו צו די רימענס.

— ווער האָט דאָס ערלויבט? — האָט ער געפרעגט.

דער סערזשאַנט האָט געקנייטשט דאָס היטעל אין פערלעגענהייט.

— דאָס איז געטהאָן געוואָרען לויט דעם גובערנאַטאָר'ס ספּע-ציעלען בעפעהל.

— איך האָב קיין בעגריף ניט געהאַט מכוח די רימענס, סי-ניאָר ריוואַרעס, — האָט מאָנטאַנעלי געזאָגט מיט אַ טיעפער פערצווייפלונג אין שטים.

— איך האָב דאָך געזאָגט אייער היילינקייט, האָט די „ביהן" געענטפערט מיט אַ האַרטען שמייכעל, — אַז איך האָב קיינמאָל ניט געוואַרט, מען זאָל מיר אַ גלעט טהאָן איבער'ן קעפּעלע.

— סערזשאַנט, ווי לאַנג איז ער שוין אַזוי צונויפגעבונדען?

— פון זינט ער איז געלאָפען, אייער היילינקייט.

— דאָס הייסט אַרום צוויי וואָכען? ברענגט אַ מעסער און נעהמט גלייך אַראָב די רימענס.

— ענטשולדיגט, אייער היילינקייט, דער דאָקטאָר האָט אויך געוואָלט אַראָבנעהמען די רימענס, אָבער דער פּאָלקאָווניק האָט ניט ערלויבט.

— ברענגט גלייך אַ מעסער.

מאָנטאַנעלי'ס קול איז געווען ניט העכער ווי געוועהנליך, די סאָלדאַטען האָבען אָבער געזעהן, אַז ער איז בלאַס געוואָרען פון כעס. דער סערזשאַנט האָט אַרויסגענומען אַ מעסער פון קעשע-נע און האָט זיך איינגעבויגען איבערצושניידען דעם רימען פון האַנד, אָבער מחמת אונגעשיקטקייט האָט ער איהם נאָך מעהר פערשטייפט. די „ביהן" האָט ניט ווילענדיג אַ געשריי געטהאָן און פערביסען די ליפּען.

מאָנטאַנעלי איז געשווינד צוגעגאַנגען צום בעט און האָט אַליין איבערגעשניטען די רימענס.

— אַ-אַ-אַ. די „ביהן" האָט אויסגעצויגען די הענד, און ווען די רימענס זענען אַראָבגעפאַלען, האָט ער פון ערלייכטערונג אַ טיע-פען זיפץ געטהאָן.

אין אַ מינוט אַרום האָט מאָנטאַנעלי שוין געהאַט איבער־געשניטען די רימענס אויף דער אַנדער האַנד און אויף די פיס.

— נעהמט אַראָב די קייטען, סערזשאַנט, און דערנאָך קומט צו אַהער, איך דאַרף מיט אייך עפּעס רעדען.

ער איז געשטאַנען ביים פענסטער און האָט געקוקט שווייגענדיג; דער סערזשאַנט האָט אַראָבגענומען די קייטען און איז צוגעגאַנגען צו איהם.

— איצט, — האָט ער געזאָגט, — דערצעהלט מיר אַלץ, וואָס דאָ האָט זיך געטהאָן.

דער סערזשאַנט האָט קיין זאַך ניט פערבאָרגען און האָט איהם דערצעהלט וועגען דער „ביהנ׳ס“ קראַנקהייט, וועגען די שטראָף־מיטלען און וועגען חער ניט געלונגענער פראָבע פון דאָקטאָר צו פערטיידיגען ריוואַרעס.

— איך מיין אָבער, אייער הייליגקייט, האָט דער סערזשאַנט ווייטער געזאָגט, — אַז דער פאָלקאָווניק האָט אָנגעווענדט די רימענס, אַלס אַ מיטעל צו דערשלאָגען זיך פון איהם איינינע בעוויַיזען.

— בעווייזען?

— יאָ, אייער הייליגקייט! אייערנעכטען האָב איך געהערט, ווי דער פאָלקאָווניק האָט איהם פאָרגעלעגט אַראָבצונעהמען די איי־זענס, אויב ער — דער סערזשאַנט האָט אַ קוק געגעבען אויפ׳ן „ביהן“ — וועט איהם ענטפערן אויף איין פראַגע.

מאָנטאַנעלי האָט אַ קלאַפּ געגעבען מיט׳ן פויסט אָן פענ־סטער, און די סאָלדאַטען האָבען פערוואונדערט געקוקט איינע אויף די אַנדערע. זיי האָבען קיינמאָל ניט געזעהען דעם שטילען קאַרדי־נאַל אין אַזאַ גרימצאָרן.

די „ביהן“ האָט אין גאַנצען פערגעסען אָן די דערביַיאיגע, ער האָט אַלץ פערגעסען, אויסער דאָס פיזישע געפיהל פון פריַי־הייט. אַלע אבריםזיינע זענען געווען פערגליווערט, און איצט, אַז איהם איז לייכטער געוואָרען, האָט ער זיך מיט פערגניגען אויס־געצויגען, זיך איבערגעקערט און בעוועגט זיך.

— איצט קענט איהר געהן, סערזשאַנט, — האָט דער קאַרדינאַל געזאָגט. — בעאונרוהיגט זיך ניט וועגען דעם, וואָס איהר האָט עובר געווען די דיסציפּלין. איהר האָט מיר געמוזט ענטפערן אויף מיינע פראַגען. איצט דאַרף אונז קיינער ניט שטערען. איך וועל אַליין אַרויסגעהן, ווען איך וועל דאָ ענדיגען מיין זאַך.

די טיר האָט זיך צוגעמאַכט הינטער די סאָלדאַטען. מאָנ־טאַנעלי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן פענסטער און האָט אָנגעהוי־

בען אַרויסצוקוקען אויף די אונטערגעהענדע זון. דערמיט האָט ער געוואָלט געבען ציַיט דער „ביהן" צו קומען ווי געהעריג איז צו זיך.

— איך האָב זיך דערוואוסט, — האָט ער געזאָגט, — אַז איהר האָט מיך גערופען. אויב איהר זייט בכּוח צו זאָגען מיר וואָס עס איז, וועל איך אייך גערן אויסהערען.

ער האָט גערעדט זעהר קאַלט, מיט אַ טרוקענעם, בעפעה־לענדען טאָן. כל זמן די „ביהן" איז געלעגען געשמידט אין קייטען, האָט ער זיך צו איהם בעצויגען, ווי צו אַנ'אויסגעמאַטערטען מענ־שען, ווי צו אַ קרבן פון אונגערעכטער גרויזאַמקייט; איצט אָבער האָט ער זיך דערמאָנט, אַז די „ביהן" האָט איהם בעליידיגט, בשעת זיי האָבען זיך צום לעצטען מאָל געזעהען.

די „ביהן" האָט אויפגעהויבען די אויגען, און נאַכלעסיג אָנ־געשפאַרט דעם קאָפּ אָן האַנד; ווען זיין געזיכט איז געווען אין שאָטען, איז געוועזן שווער צו פערשטעהן, וויפיעל דער מענש האָט שוין אַריבערגעטראָגען אין זיין לעבען.

ווען ער האָט אָבער אויפגעהויבען זיינע אויגען ביי דעם העֶ־לען אָבענדליכט, האָט מען גלייך געזעהען, ווי בלאַס און פערמאַ־טערט ער איז. מאָנטאַנעלי'ס כעס איז גלייך אָבגעגאַנגען.

— איהר זייט, דוכט זיך, געוועזן שטאַרק קראַנק, האָט ער געזאָגט, — איך בעדויער זעהר, וואָס איך האָב עס ניט געוואוסט, איך וואָלט געמאַכט אַ סוף פון אייערע ענוים.

— די „ביהן" האָט געענטפערט דעם קאַרדינאַל האַלב אירא־ניש; ער האָט געזאָגט, אַז דער קאַרדינאַל האָט איהם כלומר'שט בעזוכט אויס רעליגיעזע טעמים, ווי אַ גלויביגער קריסט טהוט עפּעס פאַר אַ ניעדריג בעשעפעניש...

דער קאַרדינאַל האָט איהם איבערגעשלאָגען און האָט געזאָגט:

— איהר האָט מיר איצט וואָס עס איז צו זאָגען, אָדער איהר האָט געשיקט נאָך מיר צו טרייבען שפּאַס, צו בעליידיגען אַ זקן?

די „ביהן" האָט געשוויגען. ער האָט זיך אומגעקעהרט און איז געבליבען ליגען פערדעקענדיג די אויגען מיט'ן האַנד.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט ער געבעטען ביי מאָנטאַ־נעלי'ן אַ גלאָז וואַסער.

דער וואַסערקרוג איז געשטאַנען ביים פענסטער. מאָנטאַ־נעלי האָט איהם דערלאַנגט; ווען ער האָט מיט איין האַנד אַרומ־גענומען דעם קראַנקען, כדי צו העלפען איהם זיך אויפצוהויבען, האָט ער מיט אַמאָל הערפיהלט, ווי דער „ביהנ'ס" פייכטע און קאַלטע פינגער האָבען שטאַרק צונויפגעדריקט זיין האַנד.

— גיט מיר אײַער האַנד, גיכער... אויף אַ מינוט, האָט די „ביהן" געשעפּטשעט. — איך איז דאָך אַלץ איינס... נור אויף איין מינוט.

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּ אָן מאָנטאַנעלי'ס פּלייצע און האָט געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער.

— טרינקט אויס אַ ביסעל וואַסער, — האָט מאָנטאַנעלי געזאָגט אין אַ מינוט אַרום.

די „ביהן" האָט זיך שטיל צוגעהערט, דערנאָך האָט ער זיך געלעגט אויפ'ן פּלייצע און האָט צוגעמאַכט די אויגען. ער האָט זיך אַליין ניט געקענט ערקלערען, וואָס מיט איהם איז פּאָרגעקומען, ווען מאָנטאַנעלי'ס האַנד האָט בערירט זיין באַק. ער האָט נור געפיהלט, אַז קיין זאַך אין דער וועלט קען ניט זיין שרעקליכער פון דעם.

מאָנטאַנעלי האָט צוגערוקט דעם שטוהל צום בעט און האָט זיך אַוועקגעזעצט. די „ביהן" איז גאַלעגען, ווי אַ געשטאָרבענער.

אַז ער איז אָבער געקומען צו זיך, האָט ער ווידער אָנגעהויבען צו רעדען מיט'ן קאַרדינאַל אין אַ שאַרפען טאָן און אָבצולאַכען פון איהם. מאָנטאַנעלי האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

— איך בין געקומען אויסהערען דאָס, וואָס איהר האָט מיר געוואָלט זאָגען, נאָר איהר זייט, דוכט זיך, צופיעל אויפגערעגט. זאָל איך בעסער דער דאָקטאָר פערשרייבען עפּעס צום בערוהיגען און מיר וועלען רעדען מאָרגען, ווען איהר וועט זיך אויסשלאָפען.

— אויסש...שלאָפען? אָ, איך וועל האָבען גענוג צייט צו ש...שלאָפען, ווען איהר וועט געבען אײַער הסכמה צום פּאָלקאָווניק'ס פּלאַן. אַנ'אונץ בליי איז אַ וואוילעס שלאָפמיטעל.

— איך פערשטעה אייך ניט, האָט מאָנטאַנעלי געזאָגט, קוקענדיג אויף איהם איבערראַשט.

די „ביהן" האָט זיך פּאַנאַנדערגעלאַכט.

— אײַער הייליגקייט, אײַער הייליגקייט. מיינט איהר דען, אַז איך ווייס ניט, ווי דער גובערנאַטאָר סטאַרעט זיך צו בעקומען אײַער הסכמה אויף אַ קריעגס-געריכט. איהר וואָלט גלייכער מסכים געווען דערויף, איהר וואָלט דערמיט געטהאָן אַזויפיעל גוטעס און אַזוי וועניג שלעכטס... כ'ילעבען, עס לוינט ניט אַוועקצוגעבען אַזויפיעל שלאָפלאָזע נעכט, און ברעכען זיך דעם מוח וועגען דעם.

— אום גאָטעס ווילען, הערט אויף אַ מינוט צו לאַכען — האָט

אִיהם מ אָ נ ט אַ נ עֶ ל י! אִיבֶּערגֶערִיסֶען. ווער האָט דאָס אַייךְ גֶעזאָגט?

— צִי האָט אַייךְ דֶען דער פּאָלקאָווניק נִיט גֶעזאָגט, אַז אִיךְ בִּין אַ שֵׁד, נִיט קֵיין מֶענשׁ. נֵיין? מִיר האָט עֶר דאָס גאַנץ אָפְּט גֶעזאָגט. אוּן אִיךְ האָבּ אִין דער אֶמת'ן דִי פֶּעהִיגְקַייט פוּן אַ שֵׁד אַבִּיסֶעל צוּ טרעֶפֶען וואָס עֶס טהוּט זִיךְ בַּיי יֶענֶעם אִין מוֹחַ. אִיהר וואָלט ווֶעלֶען, עֶמִיצֶער אַנאַנדערער זאָל אַנשׁטאָט אַייךְ בֶּעשׁלִיסֶען דִי פראַגֶע, וואָס מִיט מִיר צוּ טהאָן, נִיט אָנרִיהרֶענדִיג אַייער צִיטרִיגֶעם גֶעווִיסֶען. אִיךְ האָבּ גֶעטראָפֶען, נִיט אַזוֹי?

— הֶערט נאָר, האָט דער קאַרדִינאַל גֶעזאָגט, ווֶעצֶענדִיג זִיךְ מִיט אַנגֶערנסטֶען פָּנִים נֶעבֶּען אִיהם. אוֹיף וואָס פאַר אַנ'אוֹפֶן אִיהר זַייט ווֶעגֶען דֶעם נִיט גֶעוואָהר גֶעוואָרֶען, דאָס אִיז אָבֶּער רֵיינֶער אֶמת. דער פּאָלקאָווניק פ ע ר אַ ר י! האָט מוֹרא, אַייעֶרע פריינד זאָלֶען נאָךְ אַמאָל נִיט פּרוּבִּירֶען אַרוֹיסצוּראַטעֶווען אַייךְ פוּן דאַנֶען, אוּן עֶר ווִיל צוּלִיעבּ דֶעם אָנווֶענדֶען דאָס מִיטֶעל, ווֶעגֶען וועֶלכֶען אִיהר האָט גֶערֶעדט. אִיךְ דערצֶעהל דאָס אַייךְ גאַנץ אָפֶען, אַזוֹי ווִי אִיהר רֶעדט.

— אַייער הֵיילִיגְקַייט אִיז שׁטֶענדִיג גֶעווֶען בֶּערִיהמט מִיט אַייער אוֹיפרִיכטִיגְקַייט... האָט דִי „בִּיהן“ גֶעעֶנטפֶערט מִיט אַ בִּיטֶערֶער שׁטִים.

אוֹיבּ דאָס אִיז רִיכטִיג,— האָט מ אָ נ ט אַ נ עֶ ל י! גֶעזאָגט—אוּן אוֹיבּ צוּלִיעבּ אַייךְ קֶענֶען ווִירקלִיךְ אַרוֹיסגֶערוּפֶען ווערֶען אוּנאָרדנוּנגֶען אוּן בּלוּטפֶערגִיסוּנגֶען, נֶעהם אִיךְ אוֹיף זִיךְ אַ שׁרֶעקלִיכֶע פֶערַאנטוואָרטלִיכקַייט דערמִיט, וואָס אִיךְ גֶעה גֶעגֶען דֶעם פּאָלקאָווניק'ס ווִילֶען. אוֹיבּ אִיךְ ווֶעל אַיינשׁטִימֶען אוֹיף אַ קְרִיעגס-גֶערִיכט, הרגֶע אִיךְ אַייךְ אַוועֶק; אוֹיבּ אִיךְ ווֶעל נִיט אַיינשׁטִימֶען — שׁטֶעל אִיךְ אִין גֶעפאַהר דאָס לֶעבֶּען פוּן אוּנשׁוּלדִיגֶע מֶענשֶׁען. אִיךְ בִּין דערִיבֶּער אִיצט גֶעקוּמֶען צוּם בֶּעשׁלוּס אִיבֶּערגֶעבֶּען דִי זאַךְ אַייךְ אִין דִי הֶענד.

— מִיר אִין דִי הֶענד?

— סִינִיאָר ר י װ אַ ר עֶ ס, אִיךְ בִּין צוּ אַייךְ גֶעקוּמֶען נִיט אַלס קאַרדִינאַל, נִיט אַלס יֶעפִּיסקאָפּ, נִיט אַלס רִיכטֶער, אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ אַייךְ אַלס אַ מֶענשׁ צוּ אַ מֶענשֶׁען. שׁטֶעלט אַייךְ פאָר, אַז אִיהר זַייט אוֹיף מַיין אָרט. אִיךְ בִּין אַלט, אוּן עֶס אִיז שׁוֹין מִיר גֶעווִיס נִיט לאַנג גֶעבּלִיבֶּען צוּ לֶעבֶּען אוֹיף דער ווֶעלט. אִיךְ וואָלט ווֶעלֶען מֶען זאָל מִיךְ אַראָבּלאָזֶען אִין קֶבֶר אָהן בּלוּט אוֹיף מַיינֶע הֶענד.

אוּן בִּיז יֶעצט אִיז דֶען אוֹיף זֵיי קֵיין בּלוּט נִיט גֶעווֶען, אַייער הֵיילִיגְקַייט?

מאָנטאַנעלי'ס געזיכט איז עטוואָס בלאַס געוואָרען, אָבער ער האָט גערעדט ווייטער מיט אַ רוהיגער שטים.

— מיין גאַנצעס לעבען בין איך געווען געגען גרויזאַמקייטען און שטרענגע מיטלען; איך בין פון שטענדיג אָן געווען אַ פיינד פון טויטשטראָף. איצט איז מיין לאַגע אַזאַ: אויב איך וועל אייך ראַטעווען, שטעל איך די שטאָדט אין געפאַהר פון אַן'אויפשטאַנד און בלוט-פערגיסונגען, און דערביי בין איך פעסט איבערציינט, אַז איהר וועט אייער גאַנץ לעבען בענוצען אויף שלעכטס, אויב מען וועט אייך בעפרייען.

ער האָט זיך אָבגעהאַלטען אויף אַ מינוט און האָט ווייטער געזאָגט:

— סיניאָר ריוואַרעס, אַלץ, וואָס איך ווייס וועגען אייך, קומט מיר אויס, איז שלעכט און שעדליך, און איך האָב אייך אַ לאַנגע צייט געהאַלטען פאַר אַ גרויזאַמען און אונ'ברהמנות'דיגען מענשען. נאָר פאַר די לעצטע צוויי וואָכען האָב איך מיך איבער-ציינגט, אַז ביי אייך איז דאָך אַנ'עדעלע נשמה, און אַז איהר קענט בלייבען טריי אייערע פריינד. איהר האָט אַפילו געקענט אין די הערצער פון סאָלדאַטען אַרויסרופען ליעבע און אַכטונג צו זיך. און אַבי ווער איז דאָס ניט אימשטאַנד צו דערגרייכען. איך מיין, אַז איהר זייט בעסער, ווי איהר שיינט צו זיין. און אָט צוליעב וואָס איך ווענד זיך צו אייך און בעשווער אייך איהר זאָלט מיר ענטפערן אויפריכטיג לויט אייער געוויסען, וואָס וואָלט איהר גע-טהאָן אויף מיין אָרט?

ס'איז אַריינגעטראָטען אַ לאַנגעס שטילשווייגען. דערנאָך האָט די „ביהן" ווילד אויסגעשריען: — אַלענפאַלס, אויף מיינע ספקות וואָלט איך אַליין געגעבען אַנ'ענטפער. איך וואָלט ניט אַרויפגעלעגט מיין לאַסט אויף פרעמדע פלייצעס...

אין דער „ביהנ'ס" ווערטער האָט זיך געפיהלט אַ שטאַרקע פערביטערטקייט. עס איז איהם שווער געווען צו דערקענען, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז איהם וועט פערכאַפען דער אָטעם פון דער ווילדער אויפרעגונג און פערצווייפלונג.

מאָנטאַנעלי האָט זיך אַוועקגעשטעלט און האָט שווייגענ-דיג געקוקט אויף איהם.

— בערוהיגט אייך, — האָט ער, ענדליך, געזאָגט, — איך האָב אייך ניט געוואָלט פערשאַפען קיין שמערצען. גלויבט מיר, איך האָב ניט געמיינט אַרויפצואוואַרפען מיין לאַסט אויף אייך, וועמען

עֶס איז אָהן דעֶם אויך גענוג שווער. איך האָב עס קיינמאָל אין מיין לעֶבּען ניט געטהאָן.

— דאָס איז אַ ליגען! — האָט די „בּיהן“ אויסגעשריען מיט בּרענענדע אויגען. און דאָס בּיסקופּטוּם?

— דאָס בּיסקופּטוּם?

— יאָ, איהר האָט פערגעסען? ווי גרינג עס איז צו פערגעסען! „אויב דו ווילסט, אַרטוּר, וועל איך זאָגען, אַז איך קען ניט פאָהרען“ צו נייַנצעהן יאָהר האָב איך שוין געוואָלט ווייזען אייך ווי צו לעבען. ווען דאָס וואָלט ניט געווען אַזוי שענדליך, וואָלט עס געווען לעכערליך.

— שווייגט! מאָנטאַנעלי האָט אויפגעהויבען די הענד צום קאָפּ מיט אַ ווילדען געשריי. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער, האָט אַרויפגעלעגט אַ האַנד אויף די גראַטעס און אָנגעדריקט אויף איהר דעם שטערן.

ציטערנדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער איז די „בּיהן“ געלעגען און ניט אַראָבּגעלאָזען די אויגען פון מאָנטאַנעלי'ן.

ענדליך האָט מאָנטאַנעלי געזאָגט:

— עס טהוט מיר באַנג, אָבּער איך מוז אוועקגעהן, איך פיהל מיך ניט גוט; ער האָט געציטערט ווי פון פיבער.

דער „בּיהנ'ס“ אויפרעגונג איז אין גאַנצען געשטילט געוואָרען.

— פּאַדרע, זעהט איהר דען ניט?

מאָנטאַנעלי האָט זיך שווייגענדיג אַ קעהר געטהאָן צו־ריק.

— נור ניט דאָס, האָט ער לסוף אַרויסגעשעפּטשעט. רבונו של עולם! אַלץ, נור ניט דאָס. אויב איך ווער משוגע...

די „בּיהן“ האָט זיך אויפגעהויבען און האָט אָנגענומען זיינע ציטערנדע הענד.

— פּאַדרע, צי דען פערשטעהט איהר ניט, אַז איך בּין ניט דערטרונקען געוואָרען?

די הענד זענען מיט אַמאָל געוואָרען קאַלט און פערשטיי־נערט. אויף אַ רגע האָט אַריינגעטראָטען אַ טיעפע שטילקייט; דער־נאָך האָט זיך מאָנטאַנעלי אַראָבּגעלאָזען אויף די קניע און האָט פערבּאָרגען זיין געזיכט בּיים „בּיהן“ אויפ'ן האַרצען.......

ווען ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט זיך די זון שוין אַרונטערגעלאָזען און די פלאַמענדע רויטקייט האָט לאַנגזאַם גע־גוסס'ט אין מערב־זייט. זיי האָבּען פערגעסען די צייט און דעם אָרט,

דאָס לעבען אין טויט, זיי האָבען אפילו פערגעסען, אז זיי זענען געוועזען שונאים.

— אַרטור — האָט מאָנטאַנעלי געשעפּטשעט — ניט שוין זשע ביזט דו עס, ניט שוין זשע האָסטו זיך צו מיר צוריקגע־קעהרט פון יענער וועלט?

— פון יענער וועלט — האָט די „ביהן" געענטפערט ציטערנ־דיג. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן מאָנטאַנעלי'ס האַנד און איז געלעגען, ווי אַ קראַנקעס קינד אין דער מוטערס אָרעם.

— דו ביזט צוריקגעקומען, צוריק צו מיר!

— יאָ — האָט ער געזאָגט — און איהר מוזט מיט מיר קעמפּ־פען אָדער טויטען מיך.

— אָ, שווייג, קאַרינאָ*). צו וואָס דאָס אַלץ? מיר זענען ביי־דע געוועזען ווי צוויי קינדער, וואָס האָבען זיך פערבלאָנדזשעט אין פינסטערניש, איצט האָבען מיר איינע די אַנדערע געפינען און זע־נען אַרוים צום שיין. מיין אָרים קינד! ווי פערענדערט דו ביזט געוואָרען, ווי שרעקליך פערענדערט! אַזוי ווי אַ ים פון מענשליכע ליידען וואָלט זיך אַריבערגעטראָגען איבער דיין קאָפּ! און דו ביזט געוועזען אַזאַ פרעהליכער, אַזאַ לעבעדיגער! דערצעהל מיר אָבער, ווי אַזוי האָט זיך דאָס אַלץ געטראָפען. דו פלעגסט מיר אָפט קומען צו חלום.

— גאַנץ איינפאַך, איך האָב זיך בעהאַלטען אויף אַ האַנדעלס־שיף און בין געקומען אין דרום־אַמעריקאַ.

— נו, און דאָרט?

— דאָרט האָב איך געלעבט... אויב מען קען דאָס אַזוי אָנרופען, ביז וואַנען... אָ, איך האָב מיך אַ סך אָנגעזעהען פון יענער צייט אָן, זינט איהר האָט מיך געלעהרנט פילאָזאָפיע... איהר זאָגט, אַז איהר האָט מיך געזעהען אין שלאָף; יאָ, איך אייך אויך.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט. אַ שוידער איז איהם אַריבער איבער'ן לייב.

— איינמאָל — האָט ער אַרויסגערעדט אָבגעהאַקטערהייט — האָב איך געאַרבייט אין די ערדגרובען.

— אַלס אַ קוילען־גרעבער?

— ניין, אַלס אַ טרעגער, צוזאַמען מיט די אינדישע קולי'ס. אויף צום שלאָפען האָבען מיר געהאַט אַ שטאַל. איך בין דאַן

*) ביטערע.

בּעֶוועֶן שׁטאַרק קראַנק, די זעלבּע זאַך ווי איצט, און האָבּ געטראָגעֶן שׁטייַנער אונטער דער בּרעֶנעֶנדעֶר זון. איינמאָל בּייַנאַכט האָט מיר אָנגעהויבּען צו שווינדלען דער קאָפּ, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איהר געהט אַריין אין טיר. איהר זייט פערבּייגעגאַנגען פערבּיי מיר, ניט אומקעהרענדיג זיך. איך האָבּ זיך געבּעטען בּיי אייך, איהר זאָלט מיר העלפען, איך האָבּ געבּעטען בּיי אייך גיפט אָדער אַ מעסער, כדי צו מאַכען אַ סוף מיט זיך, איידער איך וועל אַראָבּ פון זינען... און איהר, אָ!....

ער האָט צוגעמאַכט די אויגען מיט איין האַנד, די צווייטע האָט נאָך מ אָ נ ט אַ נ עֶ ל י אַלץ פעסט געדריקט.

— איך האָבּ געזעהען נאָך אייער געזיכט, אַז איהר האָט געֶ-הערט, אָבּער איהר האָט זיך קיין איין מאָל ניט אָבּגעקעהרט, איהר זייט געגאַנגען פערבּיי, זאָגענדיג אייערע געזעהנליכע תּפילות. בּעת איהר האָט געענדיגט, האָט איהר זיך אַרומגעקוקט און שטילערהייט געזאָגט: „דו טהוסט מיר זעהר באַנג, אַ ר ט ו ר, אָבּער איך טאָר עס ניט אַרויסווייזען“. ווען איך בּין געקומען צו זיך, און האָבּ דער-זעהען דעם שטאַל און די שענדליכע קולים, האָבּ איך אַלץ פער-שטאַנען. דאָס איז מיר געבּליבּען אין זכרון, איך האָבּ עס נאָר פערגעסען איצט, בּעת איהר האָט זיך צו מיר צוגערירט. איך בּין דאָך געוועֶן קראַנק און האָבּ אייך אַמאָל זעהר ליעבּ געהאַט. צווישען אונז מוז זיך אָבּער פיהרען אַ מלחמה. אַנדערש קען עס ניט זיין. צו וואָס האַלט איהר מיין האַנד?

מ אָ נ ט אַ נ עֶ ל י האָט אַראָבּגעלאָזען דעם קאָפּ און האָט אַ קוש געטהאָן די צוקאַלעטשעטע האַנד.

— אַ ר ט ו ר, ווי זאָל איך אויפהערען צו גלויבּען אין איהם? ווי זאָל איך צווייפלען איצט, ווען גאָט האָט דיך אומגעקעהרט צו מיר. איך האָבּ דאָך די גאַנצע צייט געמיינט, אַז איך האָבּ דיך גע'הרג'עט.

— אייך וועט דאָס נאָך אויסקומען צו טהאָן!

— אַ ר ט ו ר! — אין מ אָ נ ט אַ נ עֶ ל י'ס שטים האָט זיך נעפּיהלט שרעק — אַ ר ט ו ר, האָבּ רחמנות אויף מיר! די „בּיהן“ האָט אָבּער ווייטער גערעדט שוין מיט ווילדער אויפרעגונג.

— און איהר האָט רחמנות געהאַט אויף מיר, ווען אייער ליעֶ-בּען האָט מיך געצוואונגען צו ווערען אַ שקלאַף בּיי די נעגערן אויף די צוקער-פּלאַנטאַציעס? איהר זאָגט, אַז איהר האָט מיך ליעבּ. די דאָזיגע ליעבּע האָט מיך אָבּער טייער געקאָסט. מיינט איהר דען, אַז איך קען אַלץ פערגעסען צוליעבּ איניגע צערטליכע ווערטער.

פֿערגעסען, אַז איך האָב געוואַשען געפּעס אין שמוציגע פּריטאָנען, אַז איך בין געוועזען אַ שטאַל־מענש בײַ פֿערמערס—קרעאָלען, וועלכע זענען ערגער פֿון דיערע בהמות. פֿערגעסען, אַז איך בין געוועזען אַ שפּאָס־טרײַבער און האָב געטראָגען אין ציִרק אַ היטעל מיט גלעקלעך, אַז איך בין געזעסען אויף שליחות בײַ די מאַטאַדאָרען בעת די אָקסען־געפֿעכטען, אַז איך בין געוועזען אַ שקלאַף בײַ יעדען נעגער, וועלכער האָט מיך געבריקעט מיט די פֿיס, ווען איהם האָט זיך נאָר פֿערוואָלט. איך האָב געהונגערט און אַלע האָבען מיך געטראָטען מיט די פֿיס, איך האָב געבעטען נדבות, און מען פֿלעגט מיר אָבזאָגען אין אַ שטיקעל ברויט, כדי אַוועקצוגעבען עס בעסער אַ הונד. נאָר צו וואָס איז דאָס אַלץ?.. ווי קען איך עס אײַך אַרויסזאָגען אַלץ, וואָס איהר האָט מיר אָנגעטהאָן. און איצט... איצט ליעבט איהר מיך. ווי שטאַרק איז אײַער ליעבע? אַזוי שטאַרק, כדי צו פֿערלאָזען מיך צוליעב אײַער גאָט. און וואָס האָט ער אײַך געטהאָן, דער אומגליקליכער יעזוס? האָט ער צוליעב אײַך געליטען, אַז איהר זאָלט איהם ליעבען מעהר פֿון מיר? אפֿשר איז ער אײַך טײַער, מחמת זײַן הערצגעשטאָכענע האַנד? טאָ קוקט אויף מיר אָט דאָ, אָט דאָ, דאָרט! ער האָט אַראָבגעריסען דאָס העמד און האָט בעוויזען זײַנע גרויסע וואונדען. — אײַער גאָט — איז אַ ליעגנער, אַ פֿאַלשער! זײַנע וואונדען זענען אײַנגעבילדעטע. נאָר איך אַליין האָב רעכט אויף אײַער האַרץ. ס'איז גאָר ניטאָ אַזאַ וועהטאָג, וועלכען איך האָב צוליעב אײַך ניט איבערגעטראָגען, אָ, ווען איהר וואָלט וויסען, וואָס פֿאַר אַ לעבען איך האָב פֿערבראַכט! איך האָב אָבער אַלץ איבערגעטראָגען, איך האָב זיך אויסגעלערנט געדולדיג צו זײַן און האָב ניט געוואָלט שטאַרבען. איך האָב זיך געוואָלט אומקעהרען צו אײַך, כדי צו קעמפּפֿען מיט אײַער גאָט. און אָט בין איך צוריקגעקומען און ער פֿערנעהמט בײַ אײַך ווידער מײַן אָרט. איהם האָט מען געפּײַניגט זעקס שעה, ביז זײַן לעבען האָט זיך געענדיגט, און דערנאָך האָט ער אויפֿגעלעבט. פּאַדרע! מיך האָט מען געפּײַניגט עטליכע יאָהר און איך האָב אויך אויפֿגעלעבט! וואָס וועט איהר טהאָן מיט מיר? ער האָט מאַכטלאָז אַ פֿאַל געטהאָן אויפֿ'ן קישען.

מאָנטאַנעלי איז געזעסען ווי אַ מת. ענדליך האָט ער אויפֿגעהויבען די אויגען און האָט גענומען רעדען קאַלט און געדולדיג.

— אַרטור, זאָג זשע דײַטליכער, וואָס פֿערלאַנגסט דו.

— איהר דאַרפֿט אויסקלײַבען אײנס פֿון די בײדע. אויב איהר ליעבט מיך, דאַרפֿט איהר אַוועקגעהן מיט מיר צוזאַמען. מײַנע פֿרײַנ=

ווילען מיך בעפרייען, מיט אייער הילף וועט זיך דאס לייכט איינ־
געבען. דערנאך, אז מיר וועלען זיין אויף יענער זייט גרעניץ, וועט
איהר מיך אפען אנערקענען פאר אייער זוהן. אויב איהר ליעבט
מיך אבער ניט אויף אזוי פיעל, געהט צום פאלקאוניק און מעלדעט
איהם, אז איהר זייט איינשטימיג אויפ׳ן קריעגס־געריכט. געהט אבער
שנעלער. איך האב שוין אזוי אויך גענוג געליטען.

מאנטאנעלי האט אויף איהם א קוק געטהאן און א ציט־
טער איז איהם אריבער איבער׳ן גאנצען לייב...

— איך קען זיך צונויפרעדען מיט דיינע פריינד, אבער געהן
מיט דיר צוזאמען קען איך ניט — איך בין א גייסטליכער.

— און איך נעהם ניט אן קיין טובות פון גייסטליכע. אדער
זאגט זיך אב צוליעב מיר פון דער קירכע, אדער ענטזאגט זיך
פון מיר.

— ארטור, ארטור! דו ברענגסט מיך אראב פון זינען!
דו ווילסט, איך זאל צושפאלטען מיין נשמה אויף צווייען.

די „ביהן" האט א ווען געטהאן מיט׳ן פויסט אן וואנד.

— קלייב אויס צווישען אונז ביידען — האט ער נאך אמאל
געזאגט.

— איך קען ניט טהאן, וואס דו פאדערסט, ארטור. איך
וועל טהאן נור דאס, וואס איך קען. איך וועל דיר העלפען אנט־
לויפען, און ווען דו וועסט שוין זיין אויסער געפאהר, וועט מיט
מיר עפעס פאסירען אין די בערג, איך וועל אויסטרינקען ביינאכט
על פי טעות אזא געטראנק, וואס מען דארף טרינקען. דאס איז
אלץ, וואס איך קען טהאן. דאס איז א גרויסער זינד אבער איך
גלויב, אז ער וועט מיר מוחל זיין! ער איז מעהר בארמהערציג.

די „ביהן" האט מיט א געשריי פערבראכען די הענד און גע־
זאגט:

— א, דאס איז צופיעל, צופיעל! צי דען האב איך געוואלט
נעהמען נקמה פון אייך? צי דען פערשטעהט איהר ניט, אז איך
וויל אייך ראטעווען? ניט שוין זשע וועט איהר קיינמאל ניט בעג־
גרייפען, אז איך ליעב אייך?

ער האט אנגעכאפט מאנטאנעלי׳ס הענד און האט זיי בעז־
דעקט מיט הייסע קושען און מיט טרעהרען.

— פאדרע! קום מיט אונז! פאדרע, ביי אונז איז דא לעבען,
פרישקייט! מיר וועגען דער אייביגער פריהלינג, אין אונז איז די
צוקונפט. פאדרע, ערוואכט, און לאמיר אנהויבען א לעבען פון דאס
ניי! פאדרע, איך האב אייך שטענדיג געליעבט. שטענדיג, אפילו

װען איהר האָט מיך בּיסלעכװײַז געטױט. ניט שױן זשע װעט איהר מיך הרגענען!

מאָנטאַנעלי האָט אָבּגעריסען זײַן האַנד.

— גאָט, ערבּאַרם זיך! — האָט ער אַ געשרײ געטהאָן, בּײַ דיר זענען דײַן מוטער'ס אױגען!

אַ מאָדנעס, אַ לאַנגעס, אַ פּלעצליכעס שטיל־שװײַגען האָט זײ אַרומגעכאַפּט.

— װאָס נאָך װעסט דו מיר זאָגען — האָט מאָנטאַנעלי געשעפּטשעט. — װאָס פֿאַר אַ האָפֿנונג בּלײַבּט מיר איבּער?

— קײַן האָפֿנונג ניט. מײַן לעבּען קען מיר נוצען נור צוליעבּ דעם, כּדי צו קעמפֿען געגען דער קאַטױלישער קירכע און געגען די גלחים. איך בּין ניט קײַן מענש, נאָר אַ מעסער. שענקענדיג מיר דאָס לעבּען, הײליגט איהר דעם מעסער.

— מאָנטאַנעלי האָט זיך אומגעקעהרט צום צלם.

— גאָט, הערסט דו דאָס...

זײַן שטים איז אָבּגעשטאָרבּען אין דער טױטער שטילקײַט, דער איראָנישער טײַװעל האָט אַ צופּ געטהאָן די „בּיהן":

— רופּט איהם העכער, אפּשר שלאָפֿט ער!

מאָנטאַנעלי האָט אַ ציטער געטהאָן, אַזױ װי מען װאָלט איהם געגעבּען אַ קלאַפּ. דערנאָך האָט ער זיך אַניעדערגעזעצט אױפֿ'ן ראַנד פֿון בּעט און האָט אָנגעהױבּען שטאַרק צו װײנען. אַ שױדער האָט אַרומגעכאַפּט די „בּיהן", זײַן קערפּער האָט זיך בּעדעקט מיט אַ קאַלטען שװײס. ער האָט געװאוסט, װאָס די טרעהרען בּעדײַטען. ער האָט זיך אַריבּערגעדעקט מיט'ן דעקע איבּער'ן קאָפּ, כּדי ניט צו הערען דאָס געװײן. און מאָנטאַנעלי האָט געװײנט און געכליפּעט, זײַנע טרעהרען האָבּען זיך געגאָסען אָהן אַן־אױפֿהער. ענדליך, האָט ער אױפֿגעהערט װײנען, האָט אָבּגעװישט די אױגען מיט אַ טיכעל, װי אַ קינד, װאָס הערט אױף צו װײנען.

— עס איז מעהר ניטאָ װעגען װאָס צו רעדען — האָט ער געזאָגט — דו פֿערשטעהסט?

— איך פֿערשטעה, — האָט די „בּיהן" געענטפֿערט מיט אַ טריבּער געהאָרכזאַמקײַט. ס'איז ניט אײַער שולד!... אײַער גאָט איז הונגריג און מען דאַרף איהם געבּען עסען!

מאָנטאַנעלי האָט זיך אומגעקעהרט צו איהם. דער קבֿר, װעלכען מען האָט געדאַרפֿט אין קורצען אױסגראָבּען, האָט ניט געקענט זײַן שטילער פֿון זײ. שװײַגענדיג האָבּען זײ געקוקט אײנער אױף דעם אַנדערן, אַזױ װי צװײ ליעבּענדע מענשען.

די „בּיהן“ האָט דער ערשטער אַראָבגעלאָזען די אויגען. ער האָט גענומען ציטערן און האָט פערדעקט דאָס געזיכט מיט די הענד. מאָנטאַנעלי האָט פערשטאַנען, אַז די דאָזיגע בעוועגונג הייסט „געה אַוועק!“ ער האָט זיך אומגעקעהרט און איז אַרויס פון קאַמער.

אין אַ מינוט אַרום איז די „בּיהן“ אויפגעשפּרונגען.

— אָה, איך וועל עס ניט אַריבערטראָגען. פּאַדרע, קעהרט זיך אום, קעהרט זיך אום!

די טיר האָט זיך צוגעמאַכט. ער האָט בּרייט פאַנאַנדערגע־עפענט די אויגען, שטיל און פּאַמעלעך אַרומגעקוקט זיך און ער האָט פערשטאַנען, אַז עס איז שוין נאָך אַלעמען. גאָט האָט געזיעגט.

די גאַנצע נאַכט האָט אונטען אין הויף זיך שטיל בּעוועגט דאָס גראָז, דאָס זעלבּע גראָז, וואָס האָט געדאַרפט אין גיכען פער־וועלקט ווערען אונטער די קלעפּ פון די רידלען; און אַ גאַנצע נאַכט איז די „בּיהן“ געלעגען איינער אַליין אין דער פינסטער און האָט בּיטער געוויינט.

VII.

דאָס קריגס־געריכט איז פאָרגעקומען דינסטאָג אין דער פריה. דאָס איז געווען זעהר אַ קורצע און אַן איינפאַכע פּראָצעדור. דער פּסק־דין איז שוין אַ פריהער געווען בעשטימט און מאָנטאַנעלי האָט מיטגעטיילט, אַז ער איז מסכים. מיט גרויס פּאַראַד האָט מען איבערגעלייענט דעם בעשולדיגטען דעם פּסק־דין. די „בּיהן“ האָט איהם אויסגעהערט גאַנץ רוהיג: דאָס וואָרט „שיסען“ האָט, ווי עס שיינט, אויף איהם קיין גרויסען איינדרוק ניט געמאַכט. זיינע אויגען האָבען זיך נאָר אַבּיסעל בּרייטער פאַנאַנדערגעעפענט, און דאָס גאָר.

— פיהרט איהם אָב צוריק אין קאַמער, האָט דער גובערנאַ־טאָר געזאָגט, ווען אַלע פאָרמאַליטעטען האָבען זיך געענדיגט. אַ פערקומערטער, האָט זיך דער סערזשאַנט צוגעריהרט צו דער פּלייצע פון דער אונבעוועגליכער פיגור. די „בּיהן“ האָט אַ ציטער געטהאָן און האָט זיך אַרומגעקוקט.

— אַך, יאָ, האָט ער געזאָגט,— איך האָב פערגעסען.

אויפ'ן גובערנאַטאָר'ס געזיכט האָט זיך אויסגעדריקט עפּעס ענהליך אָן רחמנות.

— מען דאַרף איהם מעהר ניט אָנטהאָן די קייטען, האָט ער געזאָגט, בּעמערקענדיג דער „בּיהנ'ס“ אָנגעשוואָלענע הענד. זאָל ער

בלײַבען בײַ זיך אין קאַמער. די קאַמער פֿון די פֿער׳משפּט׳ע איז אַ צו־טרויעריגע.

ער האָט אַ הוסט געטהאָן און האָט גענומען שאַרען מיט די פֿיס. עס איז געוועזן צו בעמערקען, אַז ער פֿיהלט זיך עפּעס ניט גוט. ער האָט זיך געווענדט צו דער „ביהן", זאָגענדיג:

— אפֿשר האָט איהר עפּעס איבערצוגעבען אײַערע פֿרײַנד אָדער אײַערע קרובים — איהר מוזט דאָך האָבען קרובים, רעכען איך?

די „ביהן" האָט ניט געענטפֿערט.

— זײַט זיך מישב און זאָגט מיר. אָדער פֿילײַכט ווילט איהר זיך זעהען מיט אַ גײַסטליכען. איך קען עס אײַך בעזאָרגען. גיט איבער אַלץ וואָס איהר ווילט דעם גײַסטליכען, ער וועט באַלד קומען און וועט בלײַבען מיט אײַך אַ גאַנצע נאַכט.

די „ביהן" האָט אויפֿגעהויבען די אויגען: איך גלויב נישט אין גאָט. זאָגט אָן דעם גײַסטליכען, אַז איך וויל בעסער בלײַבען אַלײן מיט מײַנע געדאַנקען. איך האָב ניט קײן פֿרײַנד, איך האָב גאָרנישט וואָס איבערצוגעבען. —

ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַ רוהיגער, שטילער שטים, אָהן אויפֿרעגונג, אָהן כעס.

בײַם טיר איז ער ווידער געבליבען שטעהן.

— איך האָב עפּעס פֿערגעסען, פּאָלקאָווניק. איך האָב אײַך געוואָלט בעטען וועגען אײן זאַך, מען זאָל מיר מאָרגען ניט פֿערבינדען די אויגען. איך וועל שטעהן גאַנץ רוהיג. — . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מיטוואָך אין דער פֿריה, גלײַך מיט׳ן זונאויפֿגאַנג, האָט מען איהם אַרויסגעפֿיהרט אויפֿ׳ן הויף. זײַן הינקענדיגקײַט האָט זיך געוואָרפֿען אין די אויגען, מעהר ווי געוועהנליך: מען האָט געזעהען, אַז ער שטרענגט זיך אָן, אַז דאָס געהן פֿערשאַפֿט איהם וועהטאָג. ער האָט זיך שטאַרק אָנגעשפּאַרט אָן דעם סערזשאַנט׳ס האַנד. די טרויעריגע געהאָרכזאַמקײַט איז אָבער אינגאַנצען אַראָב פֿון זײַן געזיכט. די דונקעלע שרעקען פֿון דער נאַכט זענען להלוטין פֿערשוואונדען.

ווי נאָר די זון האָט אָנגעהויבען צו שײַנען, און עס האָבען זיך דערזעהען דײַטליך זײַנע פֿײַנד, ערוועקענדיג אין איהם אַ קאַמפּפֿס־געפֿיהל, האָט ער שוין פֿאַר קײן זאַך ניט מורא געהאַט.

זעקס סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געדאַרפֿט אויספֿיהרען דעם טויטשטראָף, האָבען זיך אויסגעשטעלט אין אַ רײהע. זיי האָבען

קוים אַיינגעהאַלטען די טרעהרען. דאָס זיין אַ געציַיג אין דער „ביהג'ס" טויטשטראָף איז זיי אויסגעקומען שרעקליך.

אונטער אַ גרויסען פּייַגענבוים איז געווען צוגעגרייט אַ קבר פאַר'ן „ביהן". פערבייַגעהענדיג האָט די „ביהן" אַריינגעקוקט אין קבר, און האָט אַ שמייכעל געטהאָן, זעהענדיג די שוואַרצע גרוב און דאָס פערוועלקענדע גראָז אַרום איהר. ער האָט טיעף אַריינגעאָטעמט אין זיך דעם ריח פון דער פרישׁ אויסגעגראָבענער ערד. ביים בוים האָט זיך דער סערזשאַנט אָבגעשטעלט און די „ביהן" האָט זיך אַרומגע־קוקט מיט אַ ליכטיגען שמייכעל.

— דאָ דאַרף איך זיך שטעלען, סערזשאַנט?

דער סערזשאַנט האָט אַ נייג געטהאָן מיט'ן קאָפּ. איהם האָט זיך עפּעס אַוועקגעשטעלט אין האַלז. און ער האָט ניט געקענט אַרויסרעדען קיין וואָרט.

דער גובערנאַטאָר, זיין פּלימעניק, דער דאָקטאָר און דער גייסטליכער זענען צוגעגאַנגען נעהענטער צום „ביהן", וואָס האָט זיי מביש געווען מיט זיין פרעהליכען אויסזעהען און זיינע לאַכענדע אויגען.

— ג...וט מאָרגען, רבותי!

בעמערקענדיג די פינסטערע געזיכטער פון די סאָלדאַטען, האָט זיך די „ביהן" געווענדט צו זיי, אַרויסזאָגענדיג:

— דאָסמאָל דאַרף מען שוין די אויגען געוויס ניט פערבינדען. עס איז ניטאָ וואָס מצער צו זיין זיך. שטעלט זיך פּעסט און ווייזט, אַז איהר קענט שיסען. אין קורצען וועט אייך פאָרשטעהן אַזוי פיעל אַרבייט, אַז אייך וועט אויסקומען אַביסעל שווערלעך. מען דאַרף זיך אַ פריהער איינאיבען.

— מיין זוהן, האָט איהם איבערגעשלאָגען דער גייסטליכער. אין אַ פּאָר מינוט אַרום וועט איהר זיך דאַרפען שטעלען פאַר דעם רבונו של עולם. ניט שוין זשע וועט איהר צוגעהן צו זיין גרוי־סען טראָהן מיט שפּאַס אויף די ליפּען?

מיט שפּאַס! אָבער מיר דוכט, אַז איהר נויטיגט זיך מעהר אין מוסר. ווען עס וועט קומען אונזער צייט, וועלען מיר געברויכען האַרמאַטען, אַנשטאָט אַ האַלבע טוץ געניצטע ביקסען און דאַן וועט איהר זעהען, ווי מיר טרייבען שפּאַס.

— איהר וועט געברויכען האַרמאַטען? אָ, אומגליקליכער! פער־שטעהט איהר נאָך אַליץ ניט, ביי וואָס פאַר אַן אָבגרונד איהר שטעהט?

די „בּיהן" האָט אַ קוק געטהאָן איבּער זיין פּלייצע אויף דעם אויסגעגראָבּענעם קבר.

— איהר מיינט, אַז איהר ענדיגט שוין מיט מיר, ווען איהר בּעגראָבּט מיך דאָרט. איהר וועט נאָך אָפּשר אַרויפלעגען פון אויבען אַ שטיין, כּדי איך זאָל ניט אויפשטעהן קיין תּחית־המתים. זייט אָבּער רוהיג, איך וועל דאָרט ליגען גאַנץ רוהיג, און פונדעסט־וועגען וועלען מיר אַרבּייטען מיט האַרמאַטען.

— אָ, בּאַרמהערציגער גאָט, האָט אויסגערופען דער גייסטלי־כער, זיי מוחל דעם זינדיגען!

— אָמן, — האָט דער אָפיציער אַרויסגעמורמעלט מיט אַ דיקען בּאַס; דער פּאָלקאָווניק און זיין פּלימעניק האָבּען זיך פרום געצלמ'ט.

עס איז געוועזען קלאָר, אַז די „בּיהן" וועט מען מיט קיין זאַך ניט ריהרען. דער גייסטליכער איז דעריבּער אָבּגעגאַנגען אָן אַ זייט, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ און שעפּטשענדיג אַ תּפלה. די ווייטערדיגע הכנות זענען געמאַכט געוואָרען קורץ און איינפאַך אָהן שום שטע־רענישען. די „בּיהן" האָט זיך אַליין אַוועקגעשטעלט אויף אַן אָרט און האָט נור אָבּגעקעהרט דעם קאָפּ, כּדי אַ קוק צו טהאָן אויפ'ן הימעל, אויף די רויטע און געלע פּאַסען בּיים זונאויפגאַנג...

— איך בּין פאַרטיג! האָט ער געזאָגט.

— שיס! — איז דערלאַנגט געוואָרען אַ קאָמאַנדע. עס האָט זיך דערהערט אַנ'אונזיכערע שיסעריי.

די „בּיהן" איז אומגעפאַלען. איין זאַלפּ האָט איהם געטראָ־פען אין פּנים, אַ צווייטער אין קניע. די סאָלדאַטען זענען מבולבּל געוואָרען.

— שלעכט געשאָסען, בּרידער! שיסט פון דאָס ניי! — האָט די „בּיהן" געזאָגט.

איינגע סאָלדאַטען האָבּען אַרויסגעלאָזען די בּיקסען פון די הענד. דער אָפיציער האָט זיך געזידעלט. דער גובּערנאַטאָר האָט פון דאָס ניי אָבּגעגעבּען אַ בּעפעהל צו שיסען, די סאָלדאַטען זע־נען אָבּער געשטאַנען ווי פערשטיינערטע.

— איהר זייט אַ שלעכטער קאָמאַנדיר! האָט די „בּיהן" גע־זאָגט. וואַרט, איך וועל אַקאָרשט אַ פּרוּב טהאָן: „בּרידער! העכער דעם בּיקס! וואָס איז מיט אייך? זייט איהר פאַרטיג?

— שיס! — האָט דער פּאָלקאָווניק בּעפעהלען.

עס האָט זיך ווידער דערהערט אַנ'אומדרייסטער זאַלפּ. איי־ניגע סאָלדאַטען האָבּען אַ וואָרף געטהאָן די בּיקסען.

דיִ „בּיִהן“ איז געלעגען אויף דער ערד, אָבּער ער איז נאָך ניִט געוועזען טויט. דיִ סאָלדאַטען האָבּען מיִט שרעק געקוקט, וויִ ער האָט זיִך געקייַקעלט אין בּלוט, וויִ ער האָט זיִך אַוועקגעשטעלט אויף אַ קניִע און האָט אַליץ געשמייַכעלט. ענדליִך, איז ער אומגעפאַלען.

— ער איז שוין טויט, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, צולעגענדיִג דיִ הענד צו דעם פערבּלוטיִגטען העמד.

— גאָט! מאָנטאַנעלי! איז דאָ! האָט עמיִצער אַ געשריִי געטהאָן. דער קאַרדיִנאַל איז וויִרקליִך אינבּעמערקטערהייט אונטערגעקומען, האָט אין פערגליִוועטער אימה נאָכגעקוקט אויף אַליץ.

דיִ סאָלדאַטען האָבּען אָבּער אָנגעהויבּען צו שרייַען, אַז דער געטויטעטער איז נאָך ניִט געשטאָרבּען. דער צובּלוטיִגטער קערפּער האָט זיִך אין דער אמת'ן בּעוועגט און געקרעכצט. עמיִצער האָט איהם צוגעלעגט אַ צלם צום מויל. דיִ „בּיִהן“ האָט אָבּער מיִט דער דורכגעשאָסענער האַנד אָבּגענייגט דעם צלם און האָט געזאָגט:

— פּאַדרע, אייער גאָט איז צופריִעדען?

פון זייט האָט בּייַ איהם געפּליִיצט בּלוט: דער גאַנצער קערפּער איז געוועזען צולעכערט פון דיִ קוילען.

— ער איז געשטאָרבּען! — האָט דער דאָקטאָר וויִדער געזאָגט.

— ער איז געשטאָרבּען! — האָט שטיִל, אָהן קלאַנג, איבּערגע'חזר'ט דער קאַרדיִנאַל.

אין דער זעלבּער צייַט זענען שוין געוועזען געמאַכט אַלע הכנות צום לויפען אַ צווייטעס מאָל. דיִ ידיִעה, אַז דיִ „בּיִהן“ איז דערשאָסען געוואָרען האָט אויף אַלעמען אַרויפגעוואָרפען אַ יאוש און אַנ'אַנגסט.

## VIII.

אויף מאָרגען נאָך דער טויטשטראָף איז מאָנטאַנעלי געשטאַנען בּייַם הויכען אַלטאַר און האָט מתפלל געוועזען. דיִ גאַנצע קיִרכע האָט געשייַנט פון ליִכט און העלע פאַרבּען. איבּער דיִ אָפּענע טיִרען זענען געהאַנגען לאַנגע פּידפּור-פאָרהאַנגען. דורך זייערע פאַלדען האָט געלויכטען דיִ הייסע יוני-זון.

אַז ער האָט געענדיִגט דאָס געבּעט, איז ער אַוועק פון אַלטאַר און איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צום טראָהן פון בּיִסקופּ. אַלע גייסטליִכע האָבּען זיִך טיִעף געבּוקט בּייַ זיין פערבּייַגעהן.

— מיר דוכט, אַז זײַן אַלערהייליגקײַט איז ניט אינגאַנצען געזונד, האָט דערבײַ אַ גײַסטליכער שטילערהייט געזאָגט צו אַ צווייטען.

— ער זעהט עפּעס מאָדנע אויס.

מאָנטאַנעלי האָט אײַנגעבויגען דעם קאָפּ, כדי אָנצוטהאָן די קאָסטבאַרע מיטרע. דער דיאַקאָן, וועלכער האָט זי איהם אָנגעטהאָן, האָט אַ קוק געגעבען אויף איהם און האָט שטילערהייט געזאָגט:

— איהר זײַט קראַנק, אַלערהייליגקײַט?

מאָנטאַנעלי האָט זיך אַביסעל אָבגעקעהרט, אין זײַנע אויגען איז קײַן ענטפער ניט געווען.

— ענטשולדיגט, אַלערהייליגקײַט, — האָט אַ שעפּטשע געטהאָן דער דיאַקאָן, און אַ בויג טהוענדיג די קניע, איז ער אַוועק אויף זײַן אָרט.

עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס פײַערליכע גאָטעסדיענסט.

מאָנטאַנעלי איז געזעסען אויפ׳ן טראָהן גלײַך און אונבעוועגליך. אָן זײַן פינקעלנדער מיטרע און זילבערפאַרביגע קליידער האָט זיך אָבגעשלאָגען די זון, אָבער אין דעם קאַרדינאַלס אויגען, ווי ס׳האָט אויסגעוויזען, איז ניט געווען ניט קײַן לעבען, ניט קײַן ליכט. אָפּטמאָל איז ער אויסגעקומען, ווי אַ שיינענדער אײַזגײַסט פון די בערג, אָנגעטהאָן אין שנעע-קליידער.

דאָס גאָטעסדיענסט האָט זיך געענדיגט, די גײַסטליכע זענען אַרויס. מאָנטאַנעלי איז אָבער אַליין געזעסען אויף דעם זעלבען אָרט, קוקענדיג אָהן אַ שום בעוועגונג אין דער ווײַט אַרײַן.

די גײַסטליכע זענען צוריק אַרײַן און האָבען אויף איהם געוואַרט, מאָנטאַנעלי האָט זיך אָבער ניט גערירהרט פון אָרט. דער עלטערער דיאַקאָן איז צו איהם צוגעגאַנגען, האָט איהם אַראָבגענומען די מיטרע פון קאָפּ און אַ פרעג געטהאָן אונענטשלאָסען:

— אײַער אַלערהייליגקײַט! זײַט איהר זיכער, אַז איהר וועט אויסהאַלטען די פּראָצעסיע. די זון באַקט צו הייס.

— וואָס געהט מיר אָן די זון?

מאָנטאַנעלי האָט גערעדט קאַלט און דער דיאַקאָן האָט געמיינט, אַז ער האָט אַרויסגערופען אַן׳אונצופריעדענהײַט בײַם בישוף.

— זענט מיר מוחל, אײַער אַלערהייליגקײַט, איך האָב געמיינט, אַז איהר זײַט ניט אינגאַנצען געזונד.

מאָנטאַנעלי האָט גאָר ניט געענטפערט, ער איז אויפגעשטאַ-

נען און איז געבליבען שטעהן אויף דעם אויבערשטען שטאַפּעל פֿון טראָהן.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער געפֿרעגט.

דער עק פֿון זיין לאַנגען ראָק איז געוועזען אויסגעצויגען איבער'ן באָדען פֿון אַלטאַר. אין איין אָרט אויף דעם ווייסען אַטלאַס האָט זיך געוואָרפֿען אין די אויגען אַ רויטער פֿלעק.

— דאָס איז אַ זונשטראַהל וואָס דרינגט אַריין דורך די פֿאַרבּיגע שויבען, אַלערהייליגקייט!

— אַ זונשטראַהל? אַזאַ רויטער?

באַלד האָט זיך אָנגעהויבען די פּראָצעסיע. מאָנטאַנעלי האָט גענומען פֿון דעם דיאַקאָנס הענד אַ הייליג גאָלדען געפֿעס און די קירכענדינער האָבען זיך צושטעלט פֿון פֿאָרענט און האָבען אויפגעהויבען אַ ווייסענעם פּרכת איבער מאָנטאַנעלי'ס קאָפּ.

מאָנטאַנעלי איז געשטאַנען, העכער פֿון אַלעמען, האַלטענדיג אין דער הויך די הייליגע כלי.

פֿאַרביי איהם זענען געגאַנגען אין געשלאָסענע רייהען מאָנאַכען מיט ליכט, מיט פֿאַקעלען און הייליגע בילדער; ס'זענען דורכגעגאַנגען די קירכענגעמיינדען אין זייערע ווייסע קיטלען מיט פֿערדעקטע געזיכטער, באַרמהערציגע ברידער אין שוואַרצע קליידער מיט מאַסקעס אויף די פּנימ'ער. עס האָבען זיך געצויגען פֿעראָרימטע מאָנאַכען אין דונקעלע קאַפּיושאָנען מיט באָרוועסע פֿערברענטע פֿיס, דערנאָך זענען געגאַנגען מיושב'דיגע דאָמיניקאַנער אין ווייסע בגדים. הינטער זיי דראַגונער, פּעלאָטע, דער גובערנאַטאָר מיט אָפֿיצירען א. ז. וו.

ווען מען האָט אויפגעהויבען דעם פּרכת, כדי עס זאָל קענען דורכגעהן דער דיאַקאָן מיט'ן צלם, האָט מאָנטאַנעלי דערזעהן פֿון זיין אָרט וואו ער איז געשטאַנען, דעם פּלאַץ, פֿערגאָסען פֿון זונשטראַהלען, און קינדער אין ווייסע קליידער האָבען פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿען ראָזען. אָ, די ראָזען, ווי רויט זיי זענען געוועזען! נאָר אָט טרעט מאָנטאַנעלי אַרויס אויפ'ן מאַרק און עס הויבט זיך אָן די הייליגע פּראָצעסיע.

איבער'ן גאַנצען מאַרק זענען געווען פֿאַנאַנדערגעשפּרייט ראָזען, רויטע ווי בלוט, און מענשען האָבען זיי געטראָטען מיט זייערע פֿיס.

דער כאָר האָט מיט פּאַראַד געזונגען וועגען דעם, וואָס דאָס ברויט איז פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קערפּער און דער ווייַן אין קריסטוס'ס בלוט.

— אַליץ בלוט! אומעטום בלוט! דער מעפּיק, וואָס איז געווען פֿאַנאַנדערגעשפּרייט פֿאַר איהם, איז ענליך צו אַ טייך בלוט; די

ראָזען ליגען, ווי בלוט אויף די שטיינער. אָ, גאָט! ניט-שוין-זע איז דיין גאַנצע ערד בעגאָסען מיט בלוט, און אויך דער הימעל דיינער? — אַזוי האָט מאָנטאַנעלי געטראַכט.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף דער הייליגער כלי. וואָס איז דאָס? דורך די גילדערנע שטראַהלען פון דער זון האָט עפּעס אַראָבּ-גערונען. אויף זיינע קליידער האָט ניט דאָסזעלבּע גערונען פאַר זיינע אויגען פון עמיצענס אַנ'אויפגעהויבּענער האַנד? דאָס גראָז אויפ'ן הויף איז געוועזען צוטראָטען און אינגאַנצען בעגאָסען מיט בלוט. דאָס בלוט האָט אַראָבּגערונען פון באַק, פון דער דורכגעשאָסענער רעכטער האַנד און האָט געשפּריצט ווי אַ הייסער קוואַל פון דעם דורכגעשטאָכע-נעם זייט. אַפילו די האָר זענען געוועזען פערבלוטיגט און אַ טויט-שווייס האָט זיך אַרויסגעשלאָגען אויפ'ן שטערן פון די שרעקליכע שמערצען.

דער כאָר האָט אין דער זעלבּער צייט געזונגען אַלץ העכער און העכער, אַזוי ווי ער וואָלט געפייערט אַ נצחון.

—ניין! ווער קען דאָס האָבּען אַזוי פיעל געדולד אַריבּערצוטראָגען! איז נאָך ווייניג דער קרבן? איז נאָך נויטיג אַזאַ לעסטערונג, דאַרף מען נאָך האָבּען די שבחים והודאות? דיין קערפּער איז געפּייניגט געוואָרען צו מציל זיין מענשען, דיין בלוט האָט מען פערגאָסען כדי מוחל צו זיין די זינד. איז דאָס נאָך ווייניג?

— ניט שוין-זשע שלאָפסט דו, מיין טייער קינד? ניט שוין-זשע וועט די טיעפע גרוב אונטערן בוים קיין מאָל דיך ניט אַרויסלאָזען כאָטש אויף איין מינוט?

און פּלוצלונג האָט זיך מאָנטאַנעלי'ן אויסגעדאַכט, אַז ער הערט אַנ'ענטפער פון דער כלי, וואָס ער האַלט אין האַנד.

— צו דען האָסטו אַליין מיך ניט אָבּגעגעבּען אַלס אַ קרבן? קוק זיך איין, ווי מענשען פאַלען אויף די קניע, צו טרינקען דאָס בלוט, וואָס רינט אַראָבּ פון די וואונדען אויף דיין קלייד; צוליבּ זיי איז פערגאָסען געוואָרען מיין בלוט, כדי זיי זאָלען זעטיגען זייער שרעקליכען דורשט, ווי עס שטעהט געשריבּען: „ניטאָ קיין גרעסערע ליעבּע ווי די, וואָס גיט אַוועק דאָס לעבּען פאַר די פריינד?“

— אָ, אַרטור, אַרטור, ס'איז דאָ נאָך אַ גרעסערע ליעבּע, ווי די דאָזיגע — די ליעבּע, ווען איינער גיט אַוועק דאָס לעבּען פון אַ מענשען, וואָס איז איהם טייערער פון אַלץ. איז דען אַזאַ קרבן ניט גרעסער?

און ער האָט ווידער דערהערט אַנ'ענטפער:

— וועמען פֿאָרט ליעבסטו מעהר פֿון אַלץ? איך זאָג דיר אויפֿריכטיג: ניט איך בין עס.

און בעת מאָנטאַנעלי האָט איהם געוואָלט ענטפֿערן, זענען די ווערטער צוגעקלעפּט געוואָרען ביי איהם צו דער צונג: דאָס געזאַנג פֿון כאָר האָט געשוועבט איבער איהם: „נעהמט צו, עסט, דאָס איז מיין קערפּער, טרינקט עס אַלע, וואָרום דאָס איז מיין בלוט, וואָס איז איבער אייך פֿערגאָסען געוואָרען!

— יאָ, טרינקט עס, קריסטען, דאָס בלוט איז אייערס! עסט דעם פֿאַנאַנדערגעפּליקטען גוף. דאָס איז אייער מאָהלצייט, אייער יום־טוב. איילט זיך צו איהם אַלע — פֿרויען און קינדער, יונג און אַלט. איילט זיך צום מאָהלצייט און עסט דעם גוף און טרינקט דאָס בלוט, כל זמן עס איז רויט. גאָט מיינער, אָט איז די פֿעסטונג. אַ פֿייכטע, אַ פֿינסטערע. זי קוקט פֿערצאָרנט אויף די פֿייערליכע פּראָצעסיע. ווי אַ ווילדע פֿערבאָרגענע חיה, היט די פֿעסטונג איהר רויב. די צעהנער פֿון די גראַטעס זענען אַראָבגעלאָזען איבערן טויער. ווי שטאַרק אָבער אָט די צעהנער זאָלען ניט זיין צוזאַמענגעדריקט, דאָך וועט מען זיי אַרויסשלאָגען, דעם טויער וועט מען צושמעטערן און דער קבר אויפֿ׳ן הויף וועט אַרויסגעבען דעם טויטען; ווייל גאַנצע הילות קריסטען געהען מיט אַ פֿייערליכער פּראָצעסיע צו דעם בלוט־יום־טוב, ווי הילות הונ־געריגע מייז אויף זייער רויב. זיי שרייען שטענדיג: גיב, גיב! און קיינמאָל זאָגען זיי ניט: גענוג.

נאָר אָט האָט זיך די פּראָצעסיע געענדיגט. געהענדיג צוריק אין קירכע, איז מאָנטאַנעלי דורכגעגאַנגען דורך די שטומע רייהען פֿון מאָנאַכען, וועלכע זענען געשטאַנען אויף די קניע מיט ליכט אין די הענד. ער האָט געזעהען זייערע גלאַנציגע הונגעריגע אויגען וואָס האָבען דורשטיג געקוקט אויף די כלי מיט קריסטוס׳ס לייב און בלוט.

און בעת מאָנטאַנעלי האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים אַלטאַר, אויפֿהויבענדיג, ווי איהם האָט זיך געדוכט, מיט פֿערבלוטיגטע הענד דאָס צואוואונדעטע לייב, האָבען די זינגער אין דער זעלבער צייט גענומען זינגען וועגען דעם קרבן, וואָס האָט געעפֿענט דעם וועג צום הימעל.

— איצט זענען זיי געקומען עסען דיין לייב, האָט געטראַכט מאָנטאַנעלי ביי זיך — זאָל, מיין געליעבטער, געשעהען דיין גורל און זאָלען זיך עפֿענען די שערי־שמים פֿאַר די דורשטיגע און רויבערישע וועלף. די טויערן, וועלכע זענען אָפֿען פֿאַר מיך — זענען די טויערן פֿון גהנום.

בשעת דער עלטסטער דיאַקאָן האָט אַוועקגעשטעלט אויפֿ׳ן

אַלטאַר די הייליגע כלי, האָט זיך מאָנטאַנעלי געשטעלט אויף די קניע פֿאַר'ן אַלטאַר, און אידם האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס רויטע בלוט רינט אידם אַראָב פֿון אַלטאַר אויפֿ'ן קאָפּ.

דאָס גאָטעסדינסט האָט זיך געענדיגט. דער עולם האָט זיך שוין געוואָלט פֿאַנאַנדערגעהן. נאָר אָט האָט זיך מאָנטאַנעלי אויפֿגעהויבען און אויסגעשטרעקט די האַנד צום עולם — עס זאָל ווערען שטיל.

— זיין אַלערהייליגקייט וויל רעדען — האָט זיך דורכגעטראָגען אַ מורמעל איבער דער גאַנצער קירכע.

אַלע זענען געווען שטאַרק פֿערוואונדערט, מחמת ס'איז קיין מנהג ניט געווען צו האַלטען דרשות אין דעם יום־טוב.

מאָנטאַנעלי איז געשטאַנען און האָט געקוקט אויפֿ'ן ים קעפּ, וואָס פֿאַר אידם. דער גאַנצער עולם האָט געקוקט מיט אַנ'איינגעהאַלטענעם אָטעם, אויף די מאַיעסטעטישע ווייסע פֿיגור, וואָס איז געשטאַנען ביים אַלטאַר.

לאַנגזאַם און פֿעסט האָט מאָנטאַנעלי אָנגעהויבען ריידען:

— אין עוואַנגעליע שטעהט: „און גאָט האָט אַזוי ליעב געקראָגען די וועלט, אַז ער האָט אָבגעגעבען זיין געליבטען זוהן, כדי יעדער, וואָס גלויבט אין אידם, זאָל ניט אומקומען, נאָר ער זאָל האָבען אַנ'אייביגען לעבען".

— היינט איז דער יום־טוב פֿון דעם קרבנ'ס לייב און בלוט, דעם קרבן, וואָס מען האָט געשחט'ען צוליב דעם מענשענס ישועה. איהר זייט געקומען אַהער אין יום־טובֿ'דיגע בגדים צו פֿערזוכען פֿון דעם דאָזיגען קרבן; איך ווייס, אַז היינטיגען פֿרידמאָרגען, ווען איהר זייט אַהער געקומען אויפֿ'ן מאָהלצייט, זענען אייערע הערצער געווען פֿיל מיט פֿרייד, איהר האָט זיך דערמאָנט אָן די ליידען פֿון גאָט'ס זוהן, וועלכער איז געשטאָרבען צוליב אייך.

— זאָגט אָבער, ווער פֿון אייך האָט אַ טראַכט געטהאָן וועגען אַנדערע ליידען — וועגען די ליידען פֿון אַ פֿאָטער, וואָס האָט אָבגעגעבען זיין זוהן אויף צו פּייניגען און וואָס האָט פֿון דער הויך פֿון זיין הימלישען טראָהן געקוקט אויף דעם זוהנ'ס ליידען?

— איהר האָט זיך היינט געפֿרעהט, וואָס איהר זייט געהאָלפֿען געוואָרען, וואָס מען האָט אייך מוחל געווען אייערע עבֿירות, בעטראַכט אָבער, מיט וואָס פֿאַר אַ פּרייז די ישועה איז געקויפֿט געוואָרען. דאָס איז וועהר אַ טייערער פּרייז, טייערער פֿון רובינען — דאָס איז דער פּרייז פֿון בלוט.

אַ שוידער האָט דורכגענומען דעם אויפֿגערעגטען עולם, און

דער קארדינאַל האָט ווײַטער געזאָגט:

— איך האָב געקוקט אויף אַייער שוואַכקײַט, אויף אַייער טרויער און מײַן האַרץ האָט מיר צונויפגעדריקט פֿון רחמנות. דעמאָלט האָב איך אַ קוק געטאָן אין די אויגען פֿון מײַן טײַערן זוהן און איך האָב געוואוסט, אַז אין זיי ליגט פֿערבאָרגען אַ מחילה דורך בלוט. און איך בין אַוועק מיט מײַן וועג, און איך האָב איהם איבערגעלאָזען בײַ זײַן גורל. אָט דאָס הייסט מחילה. ער איז געשטאָרבען פֿאַר אײַך און איך האָב מעהר קײַן זוהן ניט. אָ, מײַן יונגעל, מײַן אומגליקליך יונגעל! בײַם קאַרדינאַל האָט זיך אַרויסגעריסען אַ לאַנגער ווייגענ־דיגער אויסגעשריי; און דער עולם, צוטרייסעלט פֿון שרעק, האָט גע־ענטפֿערט אויך מיט אַזאַ געשריי.

די גייסטליכע האָבען זיך אויפגעהויבען און אַ וואָרף געטאָן זיך צום קאַרדינאַל, ער האָט זיי אָבער אָבגעשטויסען פֿון זיך, מיט אַ פנים פֿון אַ צורייצטער היה.

— וואָס בעדײַט עס? איז אײַך נאָך ווייניג בלוט? וואַרט אויף אײַער צײַט, הורשטיגע שאַקאַלען! נאָך האָט איהר זיך ניט אָנגע־זעטיגט?

אַרומגענומען פֿון שרעק, האָט דער עולם אָבגעטראָטען אויף הינטער און צונויפגעשלאָגען זיך אין איין קופּע. און מאָנטאַנעלי האָט זיך ווידער געווענדט צו דעם מבולבל'דיגען עולם:

— איהר האָט דערהרג'עט מײַן זוהן! איך האָב עס דערלאָזען, כדי אײַך מציל צו זײַן. איצט אָבער, ועהענדיג אײַערע צבועי'שע געבעטען און שבחים, האָב איך חרטה. אײַערע נשמות זענען ניט ווערט אַזאַ פּרײַז. איצט איז אָבער שפּעט, צו שפּעט! איך שריי הויך אָבער מען הערט מיך ניט; איך קלאַפּ אין די טהירען פֿון קבר, אָבער ער וועט ניט אויפוואַכען; איך שטעה אַליין אין מדבר און זעה נאָר די ערד, אַנ־אָנגעזאַפּטע מיט בלוט, די ערד, אין וועלכער עס ליגט דער, וואָס עס איז געוועזען די נשמה פֿון מײַן נשמה. איך האָב אײַך איהם פֿאַר אַ קרבן געבראַכט, איהר אונרײַנע שרצים! נעהמט אײַך אײַער ישועה, איך וואַרף זי אײַך צו, ווי מען וואַרפֿט צו אַ בייז פֿאַר הונגעריגע הינד. געהט צו נעהענטער און זעטיגט זיך אָן, איהר מענשענפֿרעסער, בלוטזייגער, חיות! קוקט, ווי דאָס הייסע בלוט פֿליסט פֿון אַלטאַר, דאָס איז מײַן זוהנ'ס בלוט, וואָס איז פֿערגאָסען צוליב אײַך. טרינקט עס! כאַפּט און רײַסט זיך פֿאַר זײַן גוף און פֿרעסט איהם אויף. אָט איז דער גוף, וואָס איז פֿאַר אַ קרבן געבראַכט צוליב אײַך; קוקט זיך צו, ער איז צעריסען און צובלוטיגט, ער ציטערט נאָך פֿון יסורים — כאַפּט עס און עסט!

מאָנטאַנעלי האָט אַ נעהם געטהאָן די הייליגע כלי, האָט זי הויך אויפגעהויבען איבער'ן קאָפּ און האָט מיט די גאַנצע כוחות זיינע אַ שליידער געטהאָן זי אָן דער ערד. בשעת ס'האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פון מעטאַל, וואָס האָט זיך אָבגעקלאַפּט אָן באָדען, האָבען זיך די גייסטליכע אַוואָרף געטהאָן צו מאָנטאַנעלי'ן און האָבען איהם אַרומגעכאַפּט.

דער עולם האָט זיך מיט אַווילדען היסטערישען געוויין אַלאָז געטהאָן לויפען פון קירכע, אימוואַרפענדיג די שטוהלען און די בענק, שטיקענדיג און דריקענדיג איינער דעם אַנדערען, און צורייסענדיג די בלומענקרענץ מיט די פאָרהאַנגען; די צומישטע וויינענדיגע מענשען האָבען זיך ענדליך אַרויסגעריסען אויפ'ן גאַס...



# עֶפּילָאג.

— דזשעממאַ, איך פֿרעגט עפּעס עמיצער. — מארטיני האָט גערעדט מיט אַ שטילער שטים, ווי זיי זענען די לעצטע צעהן טעג געוועהנט געוועזען צו ריידען.

נור אָט דאָס און עפּעס אַ בעזונדערע מעסיגקייט אין די בעוועגונגען און אין רעדען איז געוועזען דער איינציגער אויסדרוק פֿון זייער קומער.

דזשעממאַ, אין אַ שירץ, מיט פֿערקאַשערטע אַרבעל, איז געשטאַנען ביים טיש און האָט פֿאַנאַנדערגעטיילט קליינע פּעקלעך מיט פּאַטראָנען. זי איז געוועזען בעשעפֿטיגט מיט דער אַרבייט פֿון פֿריהמאָרגען אָן, און איצט, שוין האַלבער טאָג, אין דער רעכטער היץ, איז אויף איהר געזיכט געוועזען צו בעמערקען אַ מידיגקייט.

— וואָס פֿאַר אַ מענש איז עס, טשעזאַרע? וואָס דאַרף ער?

— איך ווייס ניט, מיין ליעבע. ער וויל מיר ניט זאָגען. ער וויל נאָר מיט אייך אַליין רעדען.

— גוט.

זי האָט אויסגעטהאָן דעם שירץ און אַראָבגעלאָזען די אַרבעל.

— מען מוז אַרויסגעהן צו איהם, הגם, עס קען געוויס זיין, אַז דאָס איז אַ שפּיאָן.

— אַלענפֿאַלס װעל איך זיין אין דעם דערבייאיגען צימער. ווי נור איהר וועט פֿון איהם פּטור ווערען, מוזט איהר געהן זיך צושפּאַרען — אַ גאַנצען טאָג, אַז איהר שטעהט היינט אויף די פֿיס.

— אָ, ניין, איך וועל בעסער אַרבייטען. זי איז לאַנגזאַם אַראָב פֿון די טרעפּ, מארטיני איז איהר נאָכגעגאַנגען. זי איז פֿאַר די עטליכע טעג עלטער געוואָרען אויף צעהן יאָהר און דער גרויער לאָק אין איהרע האָר איז געוואָרען נאָך ברייטער.

איבערהויפּט פֿלעגט זי האַלטען די אויגען אַראָבגעלאָזען, אָבער אַז זי פֿלעגט זיי צופֿעליג אויפֿהויבען, פֿלעגט ער אַ ציטערטער ווערען פֿון דעם שרעקאויסדרוק, וואָס אין זיי האָט זיך אָבגעשפּיגעלט.

אונטען אין פֿאָרצימער האָט זי געפֿונען אַן׳אומגעלומפּערטען מענשען. ער איז געשטאַנען אין מיטען צימער און האָט ווײַלעווייז איבערגעשטעלט די פֿיס. לויט זיין אויסזעהען אין זיין האַלבצושראָ-

קענעם בליק, מיט וועלכען ער האט אויף איהר געקוקט, האט זי פערשטאנען, אז דאס מוז זיין עמיצער פון דער שוויצארישער וואך.

ער איז געווען אנגעטהאן אין א פיזערשען העמד, וואס איז אפנים געווען ניט זיינס, און ער פלעגט זיך אפטער ארומקוקען, מורא האבענדיג, מען זאל איהם ניט כאפען.

— איהר רעדט דייטש?

— א ביסעל. איהר האט מיך געפרעגט?

— איהר זייט סיניארא באללא? איך האב פאר אייך א בריעף.

— א בריעף?

ס'האט איהר גענומען טרייסלען, און זי האט זיך אנגעשפארט אן טיש, איינצוהאלטען זיך אויף די פיס.

— איך בין פון די דארטיגע וועכטער.

ער האט אנגעוויזען אויף די פעסטונג, וואס האט זיך דורכ'ן פענסטער געזעהען אויפ'ן בארג.

— דאס איז א בריעף פון דעם מענשען, וועלכען מ'האט פאר־ריגע וואך דערשאסען. ער האט איהם אנגעשריבען מיט א טאג פריהער. איך האב איהם פערשפראכען איבערצוגעבען דעם בריעף אייך אין האנד אריין.

זי האט אראבגעלאזען דעם קאפ.

— אלזא, האט ער פארט אנגעשריבען?

— דעריבער האב איך איהם אזוי לאנג צו אייך ניט געבראכט, האט דער סאלדאט ווייטער געזאגט.—ער האט מיר פערזאגט, איך זאל דעם בריעף קיינעם, אויסער אייך, ניט אבגעבען, און איך האב פריהער ניט געקענט אוועקגעהן. מען האט מיך נאכגעקוקט. כדי צו קומען אהער, האב איך געמוזט לייהען די קליידער.

ער האט אריינגעשטעקט די האנד הינטער'ן קראגען פון העמד. עס איז געווען א היים וועטער און דער צוזאמענגעלעגטער בויגען פאפיר, וואס ער האט ארויסגענומען, איז געווען ניט נור פערפלעקט און צוקנייטשט, נאר אויך איינגאנצען דורכגענעצט. ער איז געשטאנען נאך א מינוט, האט דערנאך אויסגעדריבען די האנד און זיך א קראץ געטהאן דעם קאפ.

— איהר וועט דאך מיך ניט ארויסגעבען,—האט ער אנגעהויבען פון דאס ניי מיט א ציטעריגער שטים, קוקענדיג אויף איהר מיט אונצוטרוי.—איך האב געשטעלט מיין לעבען אין געפאהר, געהענדיג אהער.

— געווים, איך וועל קיינעם ניט דערצעהלען. ווארט נור אויף א ווייל.

זי האט איהם אבגעשטעלט, בעת ער האט זיך אומגעקעהרט צום טיר און האט ארויסגענומען דאס געלדבייטעל. אבער ער האט זיך בעליידיגט.

— איך דארף אייער געלד ניט, האט ער געזאגט מיט כעס. איך האב עס געטהאן צוליעב איהם; ער האט מיך געבעטען וועגען דעם. ער איז אזוי גוט געוועזן מיט מיר.

אין צימער האט זיך געפיהלט אנ׳אונהיימליכע שטילקייט.

ער האט זיך אויסגעגלייכט, און אונגעשיקט א נייגּ טהאענדיג זיך אויפ׳ן מיליטערישען שטייגער, איז ער אוועקגעגאנגען. א קורצע צייט איז זי געבליבען שטעהן מיט דעם פאפיר אין די הענד. דערנאך האט זי זיך אוועקגעזעצט צום פענסטער לעזען. דער בריעף איז געוועזן געשריבען מיט בליישטיפט און אייניגע ערטער וענען געוועזן זעהר אונדייטליך.

קלאר זענען אבער געוועזן די ערשטע צוויי ווערטער:

„טייערע דזשעממא!“

דאס איבריגע איז אזוי ווי אין א נעבעל פערשוואומען געווארען פאר איהרע אויגען. זי האט ווייטער ניט געקענט לעזען. ווידער האט זי איהם פערלארען! דערוועהענדיג דעם בעקאנטען קינדערשען אויסדרוק, וועלכען ער האט איבערגעחור׳ט פון דאס ניי אין אזוי פיעל יאהרען ארום, האט זי ווידער אנגעהויבען צו פיהלען, אז זי האט איהם אויף אויביג פערלארען, און זי האט אויסגעשטרעקט די הענד פאראויס אין גרויס פערצווייפלונג, פונקט ווי די משא פון דער ערד, וואס האט איהם צוגעדריקט, וואלט זיך געלעגט איהר אויפ׳ן הארצען.

דערנאך האט זי ווידער גענומען דאס פאפיר און האט אנגעהויבען צו לעזען.

„מארגען פארטאג וועט מען מיך שיסען. כדי צו האלטען ווארט און צו דערצעהלען דיר אלץ, דארף איך עס גלייך טהאן! נאר אין גרונד זענען נאר ניט נויטיג קיין לאנגע ערקלערונגען צווישען אונז. מיר האבען אלע מאל איינער דעם אנדערן פערשטאנען, אפילו ווען מיר זענען נאך געוועזן קינדער.

זעהסט דו, טייערע, עס איז זיך ניט געוועזן וואס צו קלעמען פון דעם, וואס דו האסט מיך אמאל א קלאפ געגעבען. דאמאלסט איז עס געוועזן שווער אריבערצוטראגען, אבער נאכדעם איז אויס־ געקומען אויסצושטעהן נאך א סך שווערערע זאכען און פונדעסטוועגען

בין איך אלץ ביינעקומען. פאר איינינע קלעפ האט זיך מיר אפילו איינגעגעבען אבצורעכענען זיך. און איצט בין איך וויעדער אזוי, ווי יענם פישעלע אין אונזער קינדערליעד: „איך לעב, בין פרעהליך און שטיף". שטיפען, אמת, שטיף איך דאס לעצטע מאל. מארגען פריה קומט אן... און א סוף צו דער גאנצער קאמעדיע. מיר ביידע דארפען זאגען: „עס האט זיך געענדיגט די פארשטעלונג אין באלאגאן" און דארפען דאנקבאר זיין די געטער פאר דאס גוטע, וואס זיי האבען אונז געגעבען. עס איז ניט פיעל געוועזן, אבער עפעס איז דאך געוועזן און א לויב זיי דערפאר.

„וואס איז שייך צו דעם מארגענדיגען פריהמארגען, וואלט איך וועלען, אז דו און מארטיני זאלען פערשטעהן, אז איך בין גאנץ צופריעדען און גליקליך, און אז בעסערם פערלאנג איך גאר ניט פון מיין מזל. זאג דאס מארטיני'ן פון מיין נאמען".

„ער איז א וואוילער יונג און א גוטער חבר און ער וועט עס פערשטעהן.

„פונדעסטוועגען האב איך יא איין פערלאנג. א מענש, וואס געהט צום טויט, האט דאס רעכט אויף א לעצטען קאפריז; מיין קאפריז בעשטעהט דערין, צו ערקלערן דיר, פארוואס איך בין געוועזן אזוי הארב געגען דיר, פארוואס איך האב אזוי שווער פערגעסען די אלטע בעליידיגונג. אודאי האסטו אליין פערשטאנען די סיבה, אבער איך זאג זי ארויס, צו האבען דאס פערגניגען, שרייבענדיג די האזיגע ווערטער. איך האב דיך געליעבט, דזשעממא, ווען דו ביזט נאך געוועזן א קליין מיידעלע אין א קורצען קליידעלע מיט אנגעראבגעלאזענעם צאפ און ליעב דיך נאך איצט אויך. דו געדענקסט, איך האב איינמאל א קוש געטהאן דיין האנד, און דו האסט מיך מיט תחנונים געבעטען, מעהר ניט צו טהאן דאס. דאס איז געוועזן א העזה פון מיין זייט, איך וויים עס, אבער זיי מיר מוחל. און איצט קוש איך דאס פאפיר, אויף וועלכען ס'איז אויפגעשריבען דיין נאמען. איך האב אויף אזא אופן דיך צוויי מאל געקושט און ביידע מאל אהן דיין הסכמה.

„אט דאס איז אלץ. זיי געזונד, טייערע".

קיין אונטערשריפט איז אין בריעף ניט געוועזן, נאר צום סוף איז געוועזן צוגעשריבען דאס ליעדעל, וואס זיי האבען ביידע געלערנט אין דער קינדהייט:

„צו לעב איך איצט,
צו שטארב איך דאך—

א גליקליך פליג׳ל
בין איך נאך.“

אין אַ האַלב שעה אַרום איז מאַרטיני אַריין אין צימער. א האַלבען לעבען האָט ער פערבראַכט נעבען דזשעממאַ׳ן אין שווייגען; איצט האָט ער פערלאָרען די מאַכט איבער זיך. אַרומ־לאָזענדיג פון די הענד דאָס פּאַפּיר, מיט וועלכען ער איז אַריין אין צימער, האָט ער אַרומגענומען די יונגע פרוי.

— דזשעממאַ, וואָס האָט זיך געטראָפען? ווייז ניט אַזוי, איהר האָט דאָך קיינמאָל ניט געוויינט: דזשעממאַ, דזשעממאַ! טייערע, געליבטע מיינע.

— גאָרנישט, טשעזאַרע. איך וועל אייך שפּעטער אַלץ דערצעהלען. איצט קען איך נאָך וועגען דעם ניט רעדען.

זי האָט געשווינד אַריינגעלעגט דעם מיט טרעהרען בענעצטען בריעף אין קעשענע, און אויפהויבענדיג זיך, איז זי צוגעגאַנגען צום פענסטער, כדי ניט צו ווייזען דאָס געזיכט. מאַרטיני האָט זיך געביסען די ליפּען. איינהאַלטענדיג זיך לאַנגע יאָהרען, האָט ער זיך איצט אַרויסגעגעבען ווי אַ יונגעל, און זי האָט עס אַפילו ניט בעמערקט.

— מען קלינגט אין דער גרויסער קירכענגלאָק. מן הסתם איז ווער געשטאָרבען.

— אָט דאָס בין איך אַריין אייך דערצעהלען, — האָט מאַרטיני געענטפערט מיט זיין געוועהנליכער שטים. ער האָט אויפ־געהויבען דאָס בלעטעל, וואָס איז אַראָבגעפאַלען אויף די פּאָדלאָגע און האָט עס דערלאַנגט דזשעממאַ׳ן. מיט גרויסע בוכשטאַבען איז דאָרט געווען אָבגעדרוקט:

„אונזער האָכגעשעצטער בישאָף, זיין אַלערהייליגקייט מאָנסי־ניאָר קאַרדינאַל מאָנטאַנעלי, איז פּלוצלונג געשטאָרבען פון אַפּאָפּלעקסיע“.

זי האָט געשווינד אויפגעהויבען די אויגען פון פּאַפּיר אויף מאַרטיני׳ן און ער, קוועטשענדיג מיט די אַקסלען האָט איהר געענט־פערט אויף איהר שטומער פראַגע:

— איז וואָס, מאַדאָננאַ! אַפּאָפּלעקסיע איז אַ האָר ניט ערגער פון קיין שום אַנדער נאָמען.

